# זיאמע טעלעסין

# אף מײַנע
# אקלײַעס

לידער,
באלאדעס,
פּאָעמעס.

„סאָוועטסקי פּיסאטעל"
מאָסקווע • 1968

• • •

ניטאָ וואָס צו מעקאַנע זײַן דעם פֿויגל,
ער האָט איין ליד נאָר אַפֿן גאַנצן לעבן...
...אָט האָט ער זײַנע פֿליגלען אויסגעצויגן, —
דעם שלאָף אַ טרייסל אָפּ פֿון זיך געגעבן.

אָט פֿראַלט ער אויף צוויי בלעטלעך, ווי די לאָדנס, —
און אױף אַ צווײַגל פֿלינק אַרופֿגעשפּרונגען.
אָט האָט ער זיך אײַן טוי גענומען באָדן,
אַ ווערעמל אײַנײַנוועגס דורכגעשלונגען.

אָט טוט ער זיך אַ ריס אַרויף צום הימל,
אָט ראַנגלט זיך מיט אים אַ ווינט אַ האַרבער.
אָט האָט ער אינעם וואַלדישן געווימל
זיך קוים אַרויסגעריסן פֿון אַ שפּאַרבער.

און נאָך פּאַסירן טויזנטער געשיכטעס,
וואָס יעדערע פֿון זיי איז טויזנט לידער, —
נאָר דאָס איז דעמלט, ווען דו ביסט אַ דיכטער,
און ער, דער פֿויגל, זינגט דאָס זעלבע ווידער.

זײַן ליד — זי איז פֿונדאַנען און ביזדאַנען...
ניין, דעם פֿויגל בין איך ניט מעקאַנע!

# א וועלט מיט דיכטונג

בא דער סאזשלקע,
דער הארבסטיקער און כמורער, —
געפינסט א שורע.

אין וואלד אף געלע בלעטער,
האלב־פארדרייטע, —
דערזעסט א צווייטע.

אף די ווערבע־קוסטעס
מיט די הוילע ריטער, —
זיך וויגט א דריטע.

אין פעלד, ווו ס׳שטייט א קאלב,
א שטיל־פארקלערטע, —
זיך לויכט א פערטע.

און אין די סעדער,
וואָס זיי שפארן פון די צאמען, —
איז פול מיט גראמען.

און אויף דער סטעזשקע,
צווישן בייטן פון קארטאָפל, —
זיך בערגלען סטראָפן.

וווהין דו לאָזסט זיך ניט,
אין יעדער ריכטונג, —
א וועלט מיט דיכטונג!

## פארוווּנדערונג

גיי פּרווו זיך דערמאָנען, אַף וואָס, צי אַף וועמען
כ'האָב קינדוויַיז מיט וווּנדער פאַרהויבן די ברעמען.

עס האָט אַף מיַין שטערן זיך דעמלט פאַרצייכנט
אַ קנייטשעלע, ווי פון אַ בליַיער אַ בלייכן.

מיר איז שוין געוואָרן אַ האַלבער יאָרהונדערט,
און איך בין פון דעמלט ביז איצט נאָך פאַרוווּנדערט.

און וואָס איז דער וווּנדער? איך האַלט אין איין קלערן, —
דערפאַר איז אין קאַרבן אין טיפע מיַין שטערן.

# אף מײַנע אכרײַעס

גענומען איך האָב זי אף מײַנע אכרײַעס —
די גאנצענע װעלט מיט די מענטשן און כײַעס,

די װעלדער און פעלדער, די טײַכן און יאמען,
די פרייד פון א קינד און די טרער פון א מאמען,

דאָס ביטערע פלוכן, דאָס פּאָרכטיקע בענטשן,
דעם הייליקן אש פון מײַן פאָלק אין אָשװענטשים,

פון אונדזער יאָרהונדערט זײַן שטאָלץ און זײַן שאנדע,
און אלץ מיטאנאנדער, און אלץ מיטאנאנדער...

# די ליד

אף יעדער זאַך, ווי יעדער ייִד,
איך האָב מיר טרוצים זיבן.
נאָר ווי עס קומט צו גיין די ליד,
זאָג קיינמאָל ניט, אַז דו ביסט מיד
צי האָסט צו איר קיין כיישעק ניט,
געזעצט זיך — און פאַרשריבן.

און האָסטו אָנגעכאַפּט זי קוים —
האַלט איַין אף יעדן אויפן,
ווי האַלטסט אַ הייסן פערד באַם צוים,
באַ וועלכן ס׳שלאָגט פון מויל אַ שוים,
באַ וועלכן ס׳איז נאָר דאָ איין טרוים —
אין אַלדי וויַיט אַנטלויפן.

אויך צו אַ מיידל, וויסן זיַי,
די ליד זיך לאָזט פאַרגליַיכן,
דו קוק אף איר, און ניט פאַרביַי,
דו הער איר ליבע פלוידעריַי,
אַניט וועט זי דאָך טאָן אַ שפּיַי
און נעמען פון דיר וויַיכן.

איז זאָג איך: ווי נאָר פּאַקסט די ליד,
געמומען גלײַך און צוגעשמידט
צום קלאָרן בייגעלע פּאַפּיר,
ווער זי געהערן שוין צו דיר,
ווײַל וועמען האָסטו אויסער איר?

## ס׳קאָן זײַן

איר שטעלט אײַך פֿאָר: א הויכער ברעג
און טיף אראָפּ — א טײַכל פֿליסט,
די זון איז ווײַט אין וואלד אוועק,
פֿון איבער קרוינען זי צעגיסט
איר זילבער אפֿן וואסער־פֿלאך
און אפֿן סאמעטענעם פֿליין,
ווו ס׳האָבן קווייטן אופֿגעמאכט
די קלאָרע אויגן פֿול מיט כיין.

מיט שוועלבעלעך דער ברעג איז פֿול, —
זיי בויען דאָ ניט ווײַט א היים.
אָן אופֿהער יאָגן זיי זיך דול
נאָך קלעפּיק־ברוינעם פּײַכטן ליים.
אָט גיבן זיי א נעם אף זיך
א ברעג פֿון הימל און א שלעפּ,
און מיט די פֿליגעלעך אפּגיך
פֿון טײַך דאָס וואסער א פֿארשעפּ.

און שטעלט אײַך פֿאָר: אף אָט דעם ברעג
א מיידל זיצט, פֿארנייגט דעם קאָפּ

איבער א בוך. פון צאָפּ דער עק
זיך גליטשט בא איר פון שויס אראָפּ,
און ווי א שלאנג, אין גראָז אוועק.
אף דעם, וואָס טוט זיך רונד־ארום,
דאָס מיידל זאָל א קוק כאָטש טאָן!
עס מאכט דאָס בוך זי — טויב און שטום
און גאָרנישט גייט איר דאָ ניט אָן.

איז שוין זשע דאָרט, בא איר אין בוך,
זעט שענער אויס דער טאָפּאָל־פּוך,
וואָס האָט דאָס ווינטעלע געבראכט?

איז שוין זשע דאָרט, בא איר אין בוך,
שמעקט דופּטיקער דער וואלד־גערוך,
וואָס וויגט זיך אפן גרינעם סכאך?

איז שוין זשע דאָרט, בא איר אין בוך,
פּיל בלויער נאָך דער הימל־טוך,
וואָס אויסגעוועבט איז בלויז פון שיַין?

ס׳קאָן זיַין!

# איך און דער גריך

איך
און א גריך —
מיר גייען ארום זאַלבענאַנד.
עס האָט אונדז א זוניקער טאָג
בא דעם יאם בא דעם שווארצן באקאנט.

מיך
און דעם גריך
די כוואַליע די זעלביקע וויגט, —
זי גיט אונדז א הייב אף ארויף
און לאָזט אונדז אראָפּ אף צוריק.

איך
מיטן גריך —
מיר ליגן אין ווארעמען זאַמד,
צוקאָפּנס — איי־פּעטרי, וואָס האָט
דעם וועג פאר די ווינטן פארצאַמט.

איך
און דער גריך —
עס טרעפט, אז מיר בענקען באם יאם, —

נאָך גריכנלאַנד בענקט זיך דעם גריך.
און איך?
ווײַל עס בענקט זיך מיר סטאַם.

איך,
ווי דער גריך, —
שוואַרצהויטיק געוואָרן בין איך.
אָפּט מיך נעמט מען אָן פֿאַרן גריך,
און מע מיינט אַפֿן גריך — דאָס בין איך!

# ראָמאָ[1]

איבער מאָסקווער גאסן כ׳בלאָנקע, —
צײַט איך האָב הײַנט — א פארמעגן.
לעבן סעדל פון וואָלכאָנקע
א ציגײַנער גײט אנטקעגן.

מענטשן אָן אן אופהער שטראָמען.
מיך געפינען זײַנע אויגן.
ער גײט צו. ער פרעגט מיך: „ראָמא?״,
און די האנט מיר אויסגעצויגן.

— זײַנע פינגער זײַנען ברוינע, —
פונקט ווי מײַנע ברוינע זײַנען.
זײַנע אויגן אויך אזוינע,
ווי בא מיר, — מיט אומרו שײַנען.

ווי בא מיר, זײַן קינבאק דין איז,
טונקלהויטיק כ׳בין, ווי ער.
פונקט ווי מײַנע — זײַן טשופרינע,
נאָר געקרויזלט עטוואָס מער.

---

[1] ר אָ מ א — ציגײַנער.

אויג מיט אויג צונויפגעגאָסן,
האנט אין האנט פאַרדריקטע זײַנען...
אַך, ווי ס'האָט מיך דאַן פאַרדראָסן,
וואָס איך בין ניט קיין ציגײַנער!

# גאסן מיט איין זײַט

מײַן נײַע גאס האָט נאָר איין זײַט.
די זײַט אנטקעגניבער —
א פעלד, וואָס ציט אוועק זיך ווײַט,
אָן פלויטן און אָן שטיבער.

מײַן נײַע שטוב איז ניט פארשטעלט
מיט דעכער און מיט קוימענס.
די זון אין מײַנע שויבן העלט,
דורך וועלכע כ׳זע די גאנצע וועלט, —
מע קאָן פון דעם נאָר טרוימען!

פון מיר אן ארכיטעקטאָר שרײַט.
מע וואָלט מיר נאָר געטרויען,
וואָלט האָבן יעדער גאס איין זײַט, —
אָט וויאַזוי כ׳וואָלט בויען!

## איבער דער שוועל

„מע טאָר קיין האַנט ניט געבן אַף דער שוועל“.
פונוואַנען שטאַמט זי, אָט די מאָדנע פּרימכע?
ווי גאָר אַ מענטש באַוויַיזט זיך אַף דיַין שוועל,
די האַנט דיַינע דערלאַנג אים אָפן שטעל,
און טו אַ שלעפּ אין שטוב אַריַין אים שנעל
מיט שׂימחה.

ס'וואָלט אונדזער לעבן זיַין פון העלער העל —
אָט דאָס האָב איך שוין פון לאַנגאָן פאַרשטאַנען,
אין יעדערן אַריַינגטיַינען איך וועל, —
— ניט ווערן פון דעם מענטשן וואָלט קיין טעל,
ווען וואָלסט געהאָלפן אים איעדע שוועל
אַריבערשפּאַנען.

# ליוטיקי

ליוטיקי, ליוטיקי —
לענגויס דעם פלאכן ברעג פון טײַך.
בלימעלעך איר גוטינקע,
ווי רופט מען אף מײַן לאָשן אײַך?

ווי קײַקעלעך ווי מעשענע,
איר קלינגט, אלײן ניט פילנדיק,
די לאָנקע פון איר קעשענע
האָט אײַך צעשאָטן שפּילנדיק.

צעשאָטן אין די הונדערטער...
וואָס זאָג איך? —
אין די טויזנטער!
איך בלאָנקע א פארוווּנדערטער
אין זוניקײַט אין ברויזיקער.

דו טרעפסט א קווייט א פײַנערע,
וואָס שמעקן שמעקט זי דופטיקער,
נאָר ס'איז דער ליוטיק לופטיקער.
מע דארף זיך גוט נאָר אײַנהערן —

א זינגעניש דערהערסטו גלײַך, —
פון אָט דעם זינגען װערסטו רײַך.

זײ זינגען, װי די גלעקעלעך,
אױף העלדזער פון די לאָשעקעס,
װאָס לױפן פאַרפּאָראָשעטע
אין שטױבעלעך אין זוניקע
אױף גרינע לאַנען יוניקע.

פון אײַך, װי קרױנען גילדערנע,
די קרענץ אױף קעפּלעך פלאַקסענע.
די װעלט די הארבע מילדער װערט
פון דעם, װאָס איר טוט װאַקסן דאָ...

...ליוטיקי, ליוטיקי!
די גאַס פון בלאָטע כליופּיק איז,
דער װינט — אַן אײַנגעגעסענער,
דער נודנער רעגן גרעסער װערט,
דעם קאָלנער אױפגעשטעלט איך האָב,
אין אים פאַרגראָב איך טיף מײַן קאָפּ,
עס שפּריצן רינװעס שמוציקע,
איך גײ און מורמל: ליוטיקי,
ליוטיקי, ליוטיקי,
בלימעלעך איר גוטינקע,
ליוטיקי...

## בלויז אליין נאָר

קיינער וועט פאַר דיר ניט שרײַבן,
גלייב מיר אפן וואָרט, אז קיינער.
ווילסט, נאָך דיר זאָל עפּעס בלײַבן, —
שרײַבן דאַרפסטו בלויז אליין נאָר.

קיינער וועט פאַר דיר ניט ליבן,
גלייב מיר אפן וואָרט, אז קיינער.
כאָטש ס'איז ערגעץ ניט פאַרשריבן, —
דאַרפסטו ליב האָבן אליין נאָר.

קיינער וועט פאַר דיר ניט האסן,
גלייב מיר אפן וואָרט, אז קיינער.
פון דײַן סוינע זיבן פּאַסן
דאַרפסטו שנײַדן דו אליין נאָר.

קיינער וועט פאַר דיר ניט שטאַרבן,
גלייב מיר אפן וואָרט, אז קיינער, —
אָט דאָס שטיקל האַרבע אַרבעט
אָפּטאָן דאַרפסטו אויך אליין נאָר...

## געענדיקט די ארבעט

מײַן קאָפּ זיך דרייט, אזוי ווי פון א טשאד,
איך האָב דערפילט א מידקייַט אין די גלידער, —
ארויסגעענדיקט נאָרוואָס א קסאוויאד,
וואָס איז מיט מיר געוועזן קידער־ווידער.

אזוי ווי איך, מוז פילן זיך דער שמיד,
וואָס האָט אָן דער קאָוואדלע אָן דער הארבער
געטאָן דעם לעצטן זעץ. דערנאָכדעם מיד
באטראכט ער, צי ס׳איז גוט זייַן שטיקל ארבעט.

## זיבן זינגער

פונעם בוים געפאַלן איז א נעסט.
דאַרף אָבער געשען אזא מין נעס, —
ווען זי איז געפאַלן פונעם בוים,
האָט זי זיך א קער געטאָן נאָר קוים.
די אייעלעך די גלאַנציקע די זיבן
זײַנען אַלע גאַנציקע געבליבן,
ליגן אױף די פעדערלעך און הייעלעך —
די וואַרעמינקע טונקל־ראָזע אייעלעך!

צו דער נעסט האָב איך זיך אָנגעבויגן, —
כ׳קען פון איר ניט אָפּרײַסן די אויגן.

אױפן בוים האָב איך אַרויפגעקלעטערט
און פאַרשטעקט זי דאָרטן צווישן בלעטער.

מיטאַמאָל — וואָס זע איך! —
זיבן פויגעלעך
זײַנען פון דער נעסט אַרויסגעפלויגן,
זיך צעזעצט אױף זיבן גרינע צווײַגן,
זיבן וואָלקנדלעך געלאָזט פאַרבײַגיין,

נאָכדעם ברייט די פליגלען צעפּלאָכעט, —
זיבן מאָל מיט זיי געטאָן א פּאָכע,
זיבן מאָל געפּרוווט זיך — ניט געלונגען,
און דערנאָך — שוין איינמאָל זיך צעזונגען!..

און געוואָרן גלײַך פון זייער זינגען
זײַנען זיבן אַלטע דעמבן יינגער,
אַף די קעפּ פון אָט די זיבן ריזן
האָבן זיבן זונען זיך באַוויזן,
זיבן וועגן האָבן אויסגעשפּרייט זיך...

דאָס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, פארשטייט זיך.

זיבן זינגער...
ס'הענגט די נעסט און וויגט זיך.
האַלעווײַ וואָלט איינער אויסגעפּיקט זיך!

# מאלאכאָווקער וואלד

ש. האלקינען

פון צוג כ׳גיי ארויס
אַף דעם קליינעם וואָקזאלכל
און לאָז זיך לענגויס
א שטאכעט א געקאלכטן.

כ׳בייג אונטער דעם קאָפּ —
דעם שלאגבאום אריבער,
פון בריקל אראָפּ
צו די הילצערנע שטיבער.

א סטעזשקע אין זשוויר.
די היץ עטוואָס פאלט.
אָט איז ער פאר דיר,
דער מאלאכאָווקער וואלד.

מאלאכאָווקער וואלד
איז ניט פאר קיין דיכטער,
מאלאכאָווקער וואלד
איז ניט שטארק קיין געדיכטער.

ניטאָ דאָרט קיין דעמב,
קיין טיפקײַטן גרינע,
דער נוס איז אים פרעמד,
ווען קיין שוואָם ניט געפינען.

אז קיינמאָל ער האָט
ניט געזען אין די אויגן
א פוקסישן טראָט
אינעם גראָז אויסגעצויגן.

ער האָט ניט געהערט,
ווי מיט פליגלען מיט שווערע
זיך שלאָגט אָן דער ערד
מיט א גוואלד די טשיטשערע.

ער ווייסט ניט, וואָס איז
א טריסקאווקע אפילע,
א ריטשקע, וואָס פליסט
איבער שטיינדעלעך קילע.

...ס׳איז גוט מיר באקאנט
דאָס צעבערגלטע שטעגל.
דו פאָכסט מיט דער האנט —
דו גייסט מיר אנטקעגן.

און אלץ מיטאמאָל
איז דאָ אנדערש געוואָרן...
ווי קומט דאָ א טאָל,
א געזאנג פון א האָרן?

און איבערן טאָל
אַן ארופגאנג, וואָס קלעטערט, —
א קוואל, ווי קרישטאָל,
אינעם וואלגער פון בלעטער!

ווי קומט דאָ א בארג
א פארהילטער אין שוויַיגן,
א הירש אף זיַין קארק
מיט הערנער, ווי צוויַיגן?

א קליאָן מיט א קליאָן
מיט די קרוינען זיך שטויסן.
פארבלאָנדזשען מע קאָן
אין א וואלד אזא גרויסן!..

...מיט דיר, דעם פּאָעט,
כ׳האָב געבלאָנדזשעט צוזאמען
אין נאכט אריַין שפּעט
צווישן עטלעכע שטאמען...

## טײַכעלע, דו טײַכעלע...

װאָס דרײסטו זיך,
װאָס פּלאָנטערסטו,
טײַכעלע, דו טײַכעלע?..
שױן זשע ניט געקאָנט האָסטו
אַן אַנדער װעג, א גלײַכערן,
א גלײַכערן, א לײַכטערן,
דאָ אָפּזוכן, געפינען זיך
אין קוסטעס, װאָס פארשפּינען דיך?

װוּ א שטײן א מאָכיקער,
װוּ א קאָרטש א קנאָכיקער —
איך א זײַט פארקערעװעסט,
און דער װעג דיר שװערער װערט.
אָט איך זאמד פארגראָבסטו זיך,
אָט א בױם פארשטאָפּט האָט דיך,
אָט האָסטו א פאל געטאָן
אױף צװײַגן אָנגעװאלגערטע,
און װידער נעמסטו פּלאָנטערן,
דײַן װעג װערט אלץ געבראָכענער,
עס זאָל דאָ ניט דערמאָנט װערן,
װוהין דו ביסט פארקראָכן נאָר!

דײַן אױסזען װערט אַלץ טונקעלער,
די ברעגן דײַנע — בלאַסערע,
דײַן פֿרײד איז א דערטרונקענע
אין דײַנע מוטנע װאַסערן,
ביז פּונעם אױג פֿאַרלאָרן װערסט...
און דערנאָך ערשט פּאַר א װערסט
אפּדאָסנײַ געבאָרן װערסט.

אָט שנײַדסטו דורך א לאָנקעלע —
דײַן װעג איז דאָ א שפּאָריקער, —
װי קײנמאָל װאָלסט ניט בלאָנקען גאָר
דורך בלעטער פֿאַראיאָריקע,
דורך פּוילע װאָרצלען האָריקע,
דורך שטרויכלונגען,
דורך שטערונגען,
װאָס בײַקומען איז שװער געװען...

כ׳האָב ניט געהערט דײַן קלאָגן זיך, —
אַליין האָסט דורכגעשלאָגן זיך!

## אין וואלד נאָך שוואָמען

אין וואלד האָט מיר פארוואָלט זיך — שוואָמען קלײַבן
און הערן, ווי די סאָסנע־ביימער רוישן, —
נאָר ס׳האָט זיך מיר א ליד געגומען שרײַבן, —
צוריק האָב איך אוועקגעשטעלט דאָס קוישל.

ווי נאָר צוריק אוועקגעשטעלט דאָס קוישל,
פארשריבן פון דער ליד כ׳האָב נאָר דעם נאָמען,
דערהערט האָב איך, ווי סאָסנע־ביימער רוישן,
דערשפירט האָב איך דעם רייעך פון די שוואָמען!

## העגער קרייען

עס רײַסט זיך דער פאַרטאָג צו מיר
דורך אַלע בלאָווע שויבן.
אַן אויסגערוטער, פון געלעגער
כ׳האָב זיך אופגעהויבן.

בא דעם פענצטער אף א רעגע
האָב איך זיך פאַרהאַלטן.
מיר ווערן עפּעס ענג די ווענט
און נידעריק דער באַלקן.

איך גיי ארויס. איך ווער פאַרבלענדט —
די זון האָט מיך פאַרגאָסן.
עס פאַלט אף מיר, ווי אף א בוים,
די פּערלדיקע ראָסע.

דעם בלוילעך־גרינעם הימל־זוים
א רויטקײַט האָט פאַרצויגן.
א פרײַיקע געראַמע וועלט
שפּרייט אויס זיך פאַר די אויגן.

אין ברעג פון הימל זיך צעהעלט,
די רויטקייַט ווערט אַלץ קלענער.
פון יעדער הויף, פון גאָר דער וועלט
צעקרייען זיך די הענער.

# מײַן שורע

באַ מיר מיט דער שורע
איז ניט שטענדיק קעשורע.

אַט קומט זי א רײַפּע, א שטײַפּע — איין גוס.
אַט גייט זי אוועק איבער גריבער צופּוס.

אַט גיט זי א הילך מיט א גראם, ווי א שאָס, —
און שורע מיט שורע פארשליסט אף א שלאָס.

אַט טשעפּעט זי אָן אפן ווײדל א גראם,
וואָס דזשימזשעט אזוי אין דער וועלט ארײַן סטאם.

אַט טוט זי א זאָג עפּעס — שטיל, קארג,
נאָר ס׳טראָגט זיך איר קאָל פונעם טאָל אפן בארג.

אַט טוט זי א קלונג, ווי דער צונג אינעם גלאָק,
זי האָט נאָר פארטויבט, אָבער גאָרנישט געזאָגט.

אַט איז זי — א פײַערל ווײַט אין דער נאכט,
וואָס האָט צו א מענטשן א מענטשן געבראכט.

אַט איז זי א שוועבעלע — טוט זיך א צינד,
און טייקעף פארלאָשן זי ווערט אפן ווינט.

אָט טוט זי סאַכאַקל ניט מער ווי א ווונק, —
און ס׳פינקלט א טרער אינעם אויג, ווי א פונק.

אָט שמעקט זי מיט רעגן, מיט שניי און מיט ווינט,
אָט שמעקט זי מיט גאָרנישט — פּאַפּיר נאָר און טינט.

איז זיץ איך א גאַנצענע נאַכט איבער איר —
און גלעט זי, און קנעט זי, און ס׳נעמט ניט קיין שיר.

# עס בילן הינט

דער ווינט האָט אָנגעווייעט הורבעס פרישע,
די שטוב פארשאָטן שיר ניט ביזן דאך.
אין טיפן שלאָף פארזונקען ליגט דער יִשעוו,
און ס׳דוכט — איך בין דער איינציקער דאָ וואך.

ס׳איז שטיל אזוי, אז מאמעש קענסט דערהערן
דורך דער פארקלעפּטער צווייענדיקער שויב,
ווי ס׳טוט אָן הימל זיך א ריב א שטערן,
בעשאס ער פאלט אראָפּ אין ווייַסן שטויב.
כ׳קען רויִק שרייַבן. קיינער וועט ניט שטערן.
טאָ זאָל טאקע די שטילקייַט זייַן געלויבט!

איך זעץ אוועק זיך צו דעם טיש דעם שטילן,
די בייגעלעך פּאפּיר צעשניטן שמאָל.
נאָר אָט כ׳דערהער — א הונט הייבט אָן צו בילן
מיט א פארקילטן הייזעריקן קאָל.

בא מיר אונטערן פענצטער בילט ער דאפקע.
אף וועמען איז דער הונט אזוי אין קאס?

און אָט האָט זיך א צווייטער באַלד צעהאַוקעט
אין ערגעץ אַף דער סאמע ווײַטסטער גאַס.

א צווייטער, און א פינפטער, און אן אכטער, —
ווו נאָר א הונט — ארויס איז פון זײַן לאָך.
דאָס איז שוין אין דעם הינטישן כאַראַקטער, —
ווען איינער בילט, איז בילן אַלע נאָך.

איז זיץ איך מיר באַם טיש, די הרובע פּלאַקערט,
איך טונק און טונק די פּענע אינעם טינט.
מײַן ערן וואָרט, עס שרײַבט זיך מיר געשמאַקער,
ווען ס׳האַווקען הינט.

## אין שרײַבער־הויז

געגעבן האָט מען מיר אין מײַן רעשוס
א שרײַבטיש מיט א פּאָטערשטול א ווייכן, —
איז זיץ איך זיך מיט א פארלייגטן פוס
און כ׳זאָל, כאָלילע, טאָן א מינדסטן שמייכל.

קעדיי איך זאָל ניט אויסזען אזוי פּראָסט
(א סאך, פארשטייט זיך, אָן דײַן אויסזען ווענדט זיך), —
איז עטוואָס כ׳האָב דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט
און אָן די אָנשפּאר־הענטלעך אָנגעלענט זיך.

עס דאכט זיך, אָט אזוי־אָ אומגעפער
געהאט געזעסן איז אליין וואָלטער.

איז זיץ איך זיך אזוי. פון צײַט צו צײַט
איך טו א וויג דעם פוס, א קנייטש דעם שטערן, —
איך בין פארטאָן, מאשמאָעס, אין א טיפן קלערן,
די בליקן מײַנע בלאָנקען ערגעץ ווײַט.

פארוויל איך — גיט מען קאווע מיר צום בעט,
איך טו א זופּ און צייל פון פערז די טראפּן,

כ׳פארגין זיך לײגן פרי און אופשטײן שפעט, —
מע האָט מיר דאָ באדינגונגען געשאפן.

כ׳האָב אָפגעמאטערט זיך א גאנצן כוידעש דאָרט...
כ׳זאָל כאָטשבי אָנשרײַבן אן אײנציק וואָרט!

און איצטער בין איך אין דער הײם שוין ווידער,
אין ווינקל אף א קני איך שרײַב זיך מײַנע לידער.

# איך וואָלט דאָס ניט וועלן

ווען אַלע ערטער זײַנען אין וואגאָן פארנומען,
פון הינטער מאָסקווע פּירט מען גאנצע פּעק מיט בלומען, —
איז דעמאָלט סטארע איך זיך שטענדיק ווײַטער שטעלן
פון די זיצנדיקע מיידלעך, יונגע פרויען,
ניט מאכמעס לעבן זיי איז שטיין מיר ניט געפעלן,
נאָר קוים באמערקן זיי מײַן קאָפּ,
וואָס נעמט שוין גרויען,—
דאָס אָרט זיי טרעטן אָפּ.
און איך וואָלט עס ניט וועלן.

## מיט דער צײַט

װען כ'האָב נאָך געפּויזעט אַף אַלע פיר, —
האָט שוין געצויגן מיך צו דער טיר.

װי נאָר אַף די פּיסלעך געטאָן זיך אַ שטעל, —
גלײַך כ'בין אַריבער אַף יענער זײַט שװעל.

װען כ'בין שוין געװאָרן אַ גאַנצער באַרדאַס, —
פלעג איך אַנטלױפן אַף יענער זײַט גאַס.

אַף יענער זײַט טײַך, אַף יענער זײַט באַרג, —
נאָר אַלץ פאַר מײַן נײַגער געװעזן איז קאַרג.

דאָס בעסטע, געמײנט כ'האָב, פון מיר זיך באַהאַלט
אַף יענער זײַט לאָנקע, אַף יענער זײַט װאַלד.

דאָס שענסטע, די גאַנצענע צײַט כ'האָב געקלערט,
געפינט זיך אװאַדע אַף יענער זײַט ערד.

נאָר איצט, װען איך בין אין די יאָרן אַרײַן, —
אַף דער זײַט, אַף דער זײַט נאָר װילט זיך מיר זײַן...

# דער טעפּיך

פֿון גיײווע און פֿון רײַכטום בין איך פֿרײַ.
איך קער די שטוב. פֿון מאַרק קאַרטאָפֿל שלעפּ איך.
כ׳בין ניט געוווינט אַרומגײן אַף אַ טעפּיך.
איך האָב ניט קײן קרעדענץ מיט פּאָרצעלײַ.
אַז כ׳דאַרף עס ניט, נאָר ס׳קומט צו רייד — כ׳דערמאָן עס.
מיר לעבט זיך גוט — איך זאָג דאָס בענעמאָנעס.
האַלעווײַ ניט ערגער, האַלעווײַ.

ערשט אָנגעהויבן כ׳האָב די ליד און כ׳פּיל,
איך בין אַ קאַפּל אין אַ זײַט פּאַרקראָכן.
נאָר ס׳מאַכט ניט אויס.
אַנומלט זאָגט מײַן ראָכל,
אַז אויב איך וויל, ניט בלאָזן זאָל פֿון דיל...
— ווער וויל דאָס, — פֿרעג איך, — אַז פֿון דיל זאָל בלאָזן?
— איז קויף, — זאָגט זי, — אַ טעפּיך. ס׳מעג פֿון גראָז זײַן.
— גוט, — האָב איך איר אָפּגעענטפֿערט שטיל.

צופֿוס איך לאָז אַוועק זיך, ניט געטראַכט,
לענגויס דער גאָרקי־גאַס דער שיינער און געראַמער.
ס׳האָט אין „מאָסטאָרג“ אַ טעפּיך אַ וויעטנאַמער,
אַזאַ מין, ווי מיר ווילן, זיך געמאַכט.

מע האָט אים אין א טרויב צונויפגעוויקלט,
מע האָט אים שטײַף פארבונדן מיט א שטריקל,
כ׳האָב אפן אקסל אים אהיים געבראכט.

אָט איצטער וועט ניט בלאָזן אף געוויס!

און ווי נאָר אפן דיל כ׳האָב אויסגעשפרייט אים,
דערזען אף אים מיר האָבן רויטע קווייטן,
געוואקסן זײַנען זיי אף גרינע בייטן,
בארינגלטע מיט זאנגען פון מאַיס.
די זון האָט זיך פארפלאָנטערט אין די זאנגען...

מיר האָבן אף דער וואנט דעם טעפּיך אופגעהאנגען, —
ווער טרעט עס אזא שיינקײַט מיט די פיס?!

## א רויטע ליד

אַלע כאטעס — אָפּגעקאַלכטע, ווײַסע,
אַלע שטאַמען פֿון די ביימער — ווײַסע,
אַלע פּלויטן פֿון די סעדער — ווײַסע, —
אָט אַזוי ווי אין אַ קישעף־מײַסע.

ווײַסע ציגן אויף די שטילע גאַסן,
ווײַסע הינער שאַרן זיך אין זאַמד,
ווײַסע וואָלקנס רוקן זיך געלאַסן
אויפֿן מילכיק־ווײַסן הימל־ראַנד.

ס'איז דאָס אויסגעטראָטן שמאָלינק שטעגל
אין אַ ווײַסן טאָפּאָל־פּוך פֿאַרשפּינט.
לויפֿט אַ ווײַסינק ייִנגעלע אַנטקעגן,
מיט זײַן רויטן האַלדזטוך שפּילט דער ווינט.

## צוויי פֿייגעלעך

צוויי פּיצי־מאַנצי פֿייגעלעך
זיך וויגן אױף אַ צווײַגל,
צוויי פּיצי־מאַנצי פֿייגעלעך
אַ ווײַלע זאָלן שווײַגן!
און צוויטש און צוויטש.
און צוויטש און צוויטש, —
זיי מיינען מיט דעם זאָגן,
אַז ווײַט אין מײַן קאַלינקאָוויטש,
אין וועלדער פֿון אוטיושעוויטש
האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אַז ס׳האָט פֿאַרנומען זיך אױף רויט
אַ האַלבער ברעג פֿון הימל,
און דאָרטן, ווו די הרעבליע גרויט,
זעט אויס, ווי צוגעברוינטער ברויט
דער צווייטער ברעג פֿון הימל,
באַשאָטן, ווי מיט קימל.

און אַז דערנאָך דער הימל האָט
אין בלויקײַט זיך געשמאָלצן.
אַז אין טשערעט דער בושל האָט

גענומען שפּאנען טראָט נאָך טראָט
אף זײַנע הויכע שטאָלצן.

נאָר וועגן דעם, ווי ס׳איז ארויס
א באָרוועס יינגעלע פון הויז
אין אלטע הייזעלעך פון ריפּס,
די דלאָניעס בא דעם שטערן, —
כ׳זאָל פון די פייגעלעך א פּיפּס
כאָטש וועגן דעם דערהערן!

ווײַל וויפל, פרעגט זיך, איז דער שיר
צו צוויטשען אף א צווײַגל?
וואָס וויסן זיי, מישטיינס, פון מיר,
און ס׳איז דען שיין צו לײַגן?

איך האָב דערהערט נאָר „פּיררר" און „פּירררר" —
די שמאָלע פליגעלעך די פיר
א ריס געטאָן זיך האָבן שנעל
און צו דער זון אין אלדי העל
ארוף גענומען שטײַגן.

## דעם קאָפּ אַף אַרויף

פון קינדווייַז אָן געדענקט איר דאָך געוויס:
„פּאַוואָליע גיי און קוק אונטער די פיס!“

נאָר וואָס האָט מען געזען אונטער די פיס? —
די קלאַדקע, וואָס אין בלאָטע איז פאַרשוווּמען,
מע האָט געזען דאָס שוסטערישע מיסט
צעשאָטן בא די גאַנעקעס די קרומע.

אָן אויסגעטריקנטע צעפּלאַטשטע קאַץ,
וואָס פאַרן עק מע פלעגט אַריבערוואַרפן
פון שול־הויף צו די קרעמלעך אַפן פּלאַץ,
ווייַל טויטע קעץ טוט קיינער ניט באַדאַרפן,

א שקראַבע — אָפּגעריסן דער אָפּצאַס,
פון שטיבעלעך דעם הויקערדיקן שאָטן,
בעהיימע־„פּלעצלעך“ אַפן מיטן גאַס
אין שטעכעדיקע שטרויעלעך פאַרקנאָטן,

א שערבל פון א טאָפּ צי פון א פלאַש,
וואָס האָט די טעווע מיט א שפּיץ צו שטאַרצן,

קימאט בא יעדער שוועל א קופּע אַש,
א האָלעוועשקע אַף דער העלפּט א שווארצע...

דעם קאָפּ ארופּצו פלעג איך טאָן א ריס —
אין הויכן הימל קוקן נאָר דעריקער.
און גיין אזוי, ניט איין מאָל זיך ספּאָטיקען,
נאָר קיינמאָל ניט געקוקט אונטער די פיס.

# אף טויזנטער יאָרן

האָבער און קאָרן, האָבער און קאָרן,
פרומע האָט דעם פארטעך פארלאָרן, —
פרומע האָט פארלאָרן, און יאנקל האָט
געפונען, —
האָבן זיי זיך ביידע גענומען.

(א פ אָ ל ק ס ל י ד)

האָבער און קאָרן, האָבער און קאָרן...
איך בין שוין געוואָרן א ייִד אין די יאָרן.

פון ציצענעם פארטעך אפילו א שנירל
וועט קיינער שוין מער צוליב מיר ניט פארלירן.

אין האָבער און קאָרן, אין האָבער און קאָרן,
דאָרט שושקען זיך איצטער שוין אנדערע פּאָרן,

דאָרט קומען צונויף זיך און לאכן און זינגען
אָט די, וועלכע זײַנען א סאך פון מיר ייִנגער.

עס כוואליעט דער האסטיקער לויף פון די יאָרן
דעם האָבער און קאָרן, דעם האָבער און קאָרן.

מיר דוכט, אז די זאנגען מיך אירצן: עס ארט אײַך,
וואָס ניט צוליב אײַך איז פארלאָרן דער פארטעך?

איך טו אים פון הארצן פון פולן פארגינען,
אָט דעם, וואָס ער וועט דאָ איר פארטעך געפינען

אין האָבער און קאָרן, אין האָבער און קאָרן...
און סטייַען די ליד וועט אף טויזנטער יאָרן.

# אן עפּל אין גראָז פאַלט אראָפּ

ראָכעלען

אַ ווינט גייט ארום איבער סאָד,
אן עפּל־צווײַג קלאפּט אין דײַן לאָד.

די קנאָכיקע צווײַג איז צו ווייך,
איר קלאפּן צו דיר ניט דערגרייכט.

אין בוים ווערט אנשוויגן דער ווינט,
דעם פלויט שפּרינג איך איבער געשווינד,

מײַן שאָטן זיך לייגט אפן לאָד,
ס'איז קיינער ניטאָ מער אין סאָד.

מײַן האנט ציִ איך אויס, ווי א צווײַג,
כ'פארטײַע דעם אָטעם, איך שווײַג.

די פינגער כ'פארשטײַף אין א פויסט,
א קלאפּ טאָן איך פּרוּוו: קום ארויס!

אן עפּל אין גראָז פאלט אראָפּ,
צום פענצטער פארהייב איך דעם קאָפּ.

אויב מיך איז דערהערן דיר שווער,
ווי ס'פאלן די עפּל — דערהער...

## בלויקײַט

סאַרא אויגן! סאַרא בלויע אויגן!
נאָר שווער צו זאָגן, וואָס זיי זײַנען אויסן, —
אָט האָבן זיי מיך וואָרעם צוגעצויגן,
און אָט — מיט קאַלטער שאַרפֿקײַט אָפּגעשטויסן.

איז קוק איך אין די אויגן, ווי באַנומען, —
וווּ נעמען זיך אַזעלכע? גאָט אין הימל!
ווײַזט אויס, די בלויקײַט האָבן זיי גענומען
אי בײַ דער שווערד, אי בײַ דעם קאָרנבלימל.

## ליבע

איך ליג אף דער אייבערשטער באנק,
די אויגן בא מיר זײַנען אָפֿן.
דער צוג האָט פארשנעלערט דעם גאנג,
מײַן ייִנגעלע מוז שוין איצט שלאָפֿן.

און איבערן בעטל דארף שטיין,
ווי שטענדיק, זײַן קליינינקע מאמע...
א בריק, א פארווייעטער פליין.
ווי ווינציק מיר זײַנען צוזאמען!

נאָר וואָס איז ער שולדיק, דער צוג?
זײַן זאך איז — נאָר אײַלן, נאָר אײַלן.
און אויב עס איז ליבע גענוג, —
איז שרעקן ניט אָפּ זי קיין מײַלן.

זי דארף ניט, דו זאָלסט בעאלפע
צי שריפטלעך ניט אופהערן לויבן,
זי דארף ניט קיין ווייכע קופע —
איך זאָג אײַך — איר מעגט עס מיר גלויבן.

ס׳איז ליבע אן אידעלע זאך,
וועסט אויך אין באגאזש זי ניט געבן.
א טרעגער פון אָט־אָ דער פראכט
כ׳וויל בלײַבן א גאנצענעם לעבן.

# מײַן שטערן

אַנטלאָפֿן פֿונעם הימל איז אַ שטערן.
ס׳איז קאָנטיק, אַז ניט אַלץ איז דאָרטן גלאַט.
נאָר אַף צוריק ער וועט זיך מער ניט קערן,
אויך ווען ער וואָלט כאַראָטע שוין געהאַט.

די גאַנצע צײַט פֿון דיר איך האַלט אין קלערן,
עס איז דאָס לעבן גאָר ניט אַזוי גלאַט.
נאָר אַף צוריק צו מיר דו קענסט זיך קערן,
אַבי דו וואָלסט כאַראָטע נאָר געהאַט.

# דער קסאוו

די קנייטשעלעך, זיי ווערן מער און מער
ארום די אויגן דײַנע. זיי פארשרײַבן,
ווי פלעקל־שריפט, דײַן יעדן ווענד און קער,
וואָס איך נאָר איינער קאָן פאנאנדערקלײַבן, —
ווי זײַן וואָלט איך דער אוראלטער שומער,
וואָס אין מעסאָפּאָטאמיע, פארטיפט,
געטראכט האָט ער און צוגעטראכט דעם שריפט.

צו וועלכן קסאוו פארגלײַכן וואָלסטו קאָנען
די קארבן, וואָס צעאקערן מײַן פּאָנעם?

# אָבערגלויבן

א טייעלע שווימט אום בא מיר אין גלאָז, —
א סימען — כ׳וועל א בריוו פון דיר דערהאלטן.
איך טו א זופּ די טיי די לאַנג שוין קאַלטע
און ברי זיך מיט א זודיקן פאַרדראָס, —
פאַרוואָס דו שרייַבסט מיר זעלטן און ניט גערן,
און צווינגסט מיך, אָבערגלויביק זאָל איך ווערן.

# די אספּע

פֿון ווײַסן יאַם ביז צו דעם בלויען קאַספּי —
אַ האַלבע וועלט כ׳בין שיר ניט אויסגעוואָן.
איך ערגעץ ניט באַגעגנט כ׳האָב קיין אַספּע —
און מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט זי זען!

וואָס איז אַזוינס אַן „אַספּע״, קענט איר פֿרעגן? —
אַ בוים, ווי אַלע ביימער אויף דער וועלט.
זי וואַקסט בײַ אונדז, דאָסראָוו, לענגאויס די וועגן,
פֿון היץ זי ווערט פֿאַרגעלט און פֿרירט פֿאַר קעלט.

די קאָרע איז אויף איר אַרומגעביסן, —
גיי פּרוּוו זיך מיט די ציגן עפּעס מאַך!
אַ דורכגייער, וואָס האָט ניט קיין געוויסן,
אומבעראַכמאָנעס ברעכט פֿון איר דעם סכאַך.
איך זאָג אײַך, אַז איך הייב ניט אָן צו וויסן,
ווי הייסט די אַספּע אויף אַן אַנדער שפּראַך.

כ׳הייב אויך ניט אָן צו וויסן גאָר, פֿונוואַנעט
צו איר אַזאַ מין ליבע כ׳האָב דערפֿילט, —
צי ווײַל געוואַקסן איז זי לעבן גאַנעק,
וווּ קינדווײַז כ׳האָב אין מײַלעשקעס געשפּילט?

# אין לעטלאנד

פון די צעוואקסענע סעדער און פארקן
די צוויַיגן דאָ הענגען אריבער די פּארקנס.

זיי הענגען אזוי, ווי די שווערע קוטאסן
פון יענע געשטריקטע לאטגאלישע פּאסן,

מיט וועלכע ס׳פּארגארטלען זיך דאָרפישע לעטן,
וואָס ווערן אף יאָמטעוו פון „ליגאָ״ פארבעטן.

נאָר כ׳בין ניט קיין לעט, ווי איר זעַט זיך מעשיַער,
און אויך ניט קיין גאסט, וואָס איז עמעצן טיַער,

צום באלטישן יאם כ׳בין געקומען א מידער,
אין זאמד אף א דיונע איך לייג זיך אנידער.

נאָר קאלט איז דער זאמד און דער יאם איז אין קאָלטנס,
דער ווינט האָט פארטריבן די זון און די וואָלקנס,

כאָטש נעם און צעלייג אפן ברעג דאָ א פיַער —
אזא מין־אָ זומער א קאלטער איז האיאָר.

צי עפּשער די קעלט איז אין מיר גאָר באַהאַלטן,
און איך בין די כוואַליע פון יאַם פונעם קאַלטן,

וואָס טראָגט זיך און יאָגט זיך, פון קיינעם פאַרבאָטן,
און ווערט אַף דעם ברעג אַף דעם פּוסטן צעשאָטן?

...אַף יענער זייַט דיונע איך קלעטער אַריבער,
ס׳איז שטילער דער ווינט אין די זאַמדיקע גריבער.

איך גיי דורך די פּוסטלעך געוואָרענע גאַסן,
וווּ ס׳הענגען די צווייַגן אַזוי ווי קוטאַסן.

פון סעדער און פּאַרקן, דורך גרינע שטאַכעטן
מיט נייַגער באַטראַכטן מיך רויִקע לעטן.

## נאָך א זאוויי

די גאנעקעס פארווייעט האָט א שניי, —
קוים מע זעט ארויס א שטיקל טרעפּל.
אין שטילע וואָליקעס לענגויס דעם דאָרף איך גיי,
עס ווערט מיר הייס, דעם פוטער איך צעקנעפּל.

די הינט — זאָל כאָטשבי איינער טאָן א ביל!
ווי ס׳וואָלט בא זיי געווען אזא באשטימונג,
אז גלײַך נאָך א זאוויי זאָל ווערן שטיל,
ס׳איז הײַנט בא אלע הינט א גוטע שטימונג.

איז האָבן זיי די קעפּ ארויסגערוקט
פון אונטער יעדן צוגעשפּארטן טויער,
און ביז מײַן גיין לענגויס דער גאס געדויערט,
איעדער קאָפּ מיט טרײַקײַט אף מיר קוקט.

אָן אייגל אויסגעהויכט איז אין א שויב,
א בליק א נײַגעריקער אינעם אייגל פינקלט.
בא יעדן גאנעק אין א ווײַסן שטויב
שטייט אָנגעלענט א בעזעם אינעם ווינקל.

און אלע בעזעמער זיך בעטן לויט דער ריי
בא מײַנע וואָליקעס און בא מײַן פוטער,
אראָפּקערן איך זאָל פון זיי דעם שניי
און כ׳זאָל אין שטוב ארײַן — כ׳וועל זײַן א גאסט א גוטער.

## דער שוויַיגער

א הייב געטאָן די האַנט כ׳האָב אין דער הויך, —
די לאַסטמאַשין איז טייקעף שטיין געבליבן.
איך האָב אין דער קאַבינע זיך פאַרקליבן,
אַרויסגעשאָסן האָט א קנייַלכל רויך
און אין דער לופט געגעבן זיך א שטויס,
און וויַיטער די מאַשין זיך לאָזט פאָרויס.

איך דאַרף פאַרפרי נאָך קומען אינעם דאָרף,
צו וועלכן ס׳איז א קילאָמעטער צוואַנציק.
איך וויג זיך אום צום טאַקט פון יעדן וואָרף.
דאָס אָרט פונעם שאָפער איז טונקל־גלאַנציק
פון דעם מאַשינען־אייל און דעם טאַוואָט,
וואָס פון באַגינען אָן געפירט ער האָט.

זאָל דער שאָפער כאָטש טאָן אויף מיר א בליק! —
צי ווייַל דער אַלטער שליאַך איז פול מיט גריבער,
איז קוקט ער אָנגעשטרענגט און שוויַיגט דעריבער,
צי ווייַל אַריבערפאָרן דאַרף ער באַלד דעם בריק,
וואָס האַלב פון אים מע האַלט אין רעמאָנטירן,
און שווער איז די מאַשין אַריבערפירן.

צי ווײַל ער איז שוין פון דער יאזדע מיד, —
גיי מאך א רייס אין אָט אזעלכע היצן! —
ס'איז פון דער היץ גיטאָ זיך ווו באשיצן.
און צו דערצו אים נאָיעט יעדער גליד
פון אָנלאָדן און אויסלאָדן אליין
די קאנעץ, וואָס זיי זײַנען שווער, ווי שטיין.

צי ווײַל איך בין בא אים ניט נויסע־כיין,
צי ווײַל ביכלאל ער האָט מיך ניט אין זינען,
איַי דאָס, וואָס כ'זיץ בא אים אין דער קאבינע
און ניט געלאָזט האָט ער צופוס מיך גיין, —
איז נאָר דערפאר, ווײַל יעדערן, וואָס גייט, —
איניינוועגס אונטערפירן איז ער גרייט.

און עפשער איז ער אָן א ברעקל נײַגער?
און עפשער איז ער סטאם א מענטש א שווײַגער?

און איך — א שווערע מאָדנעקײַט איך פיל.
עס ווילט זיך מיר פון אים א וואָרט דערהערן,
איז פרעג איך עפעס — ענטפערט ער ניט גערן.
און ווידער איז אין דער קאבינע שטיל.
א קוק טאָן זאָל ער כאָטשבי אין מײַן זײַט.
איך טראכט: ווו נעמען זיך אזוינע לײַט?

פון בײדע זײַטן אויסגעשפרייט דער סטעפ.
א ראָד געטאָן א שפרונג האָט אף א הרודע.
די שווערע הענט פארקלעמען שטײַף דעם רודער.
און מיטאמאָל: עס האָט זיך צוגעקלעפט
אנטקעגן זײַנע אויגן אפן גלאָז
א פלאטערל — אינגאנצן סאמעט־ראָז.

— וואָס דאַרף עס האָבן דאָ אויף דער מאַשין,
ס׳איז ווינציק אינעם סטעפּ פּאַראַנען בלומען? —
האָט ער געטאָן אַ זאָג און האָט גענומען
און אויסגעדרייט צו מיר זײַן פּעסטן קין.
אין בליק — אַזאַ מין קינדערישע פרייד,
און ער האָט זיך צו מיר צעשמייכלט ברייט.

דו זע, ער האָט צו מיר גענומען ריידן!..
ס׳איז מיר געוועזן אַ שאָד מיט אים זיך שיידן.

4-2979

## די זקיינע

מיט דריבנע טריטעלעך א זקיינע
זיך איילט אהיים פארביי דעם צווינטער,
זי איילט פון מערקל, וואָס געפינט זיך
אף יענער זייט פונעם וואָקזאלכל.

די לאנגע האנט פון דעם שלאגבאום
האָט אף צוריק דעם וועג פארשטעלט איר,
זי בייגט זיך אָן און קריכט ארונטער,
און גיך די ליניע דורכגעלאָפן.

עס גלאנצט פון טוי די שמאָלע סטעזשקע,
וואָס אינעם גראָז איז אויסגעטראָטן.
די ווייכע פוטערנע פאנטאָפל
באדעקט זיך האָבן מיט א פייכטקייט.

פון בוים צו בוים מיט א געפילדער
עס טראָגט זיך אום א מאכנע פייגלען,
אומזיסט זיי ווילן איבערשרייען
דעם ראש פון די עלעקטראָ־צוגן,
וואָס לויפן דורך דאָ אלע ווײַלע.

עס ציט מיט קילקייט פון דעם טײַכל,
עס שמעקט מיט סמאָלע פון די סאָסנעס,
וואָס פּאָכן מיט די שווערע צווײַגן
און שיטן ראָסע אַף די קוואָרים.

די אַלטע טראָגט אין האַנט א קוישל,
וואָס אויסגעשטריקט זי האָט פון שטריקלעך,
פון קוישל שטעקן, ווי די שפּיזן,
די פרישע ציבעלעס די גרינע.

און אַף די ציבעלעס פון אויבן
קריכט אום א ווערעמל פּאַוואָליע,
ווי אפן בייט בא זיך אין גאָרטן,
די רעטעכלעך די רויטע פינקלען
פון אונטער די געדעמפטע בלעטלעך.

אין מיטן קוישל — אײַנגעמאָסטעט
א סלאָיִק סמעטענע געדיכטע.
עס האָט די אַלטע פונעם פינגער
א לעק געטאָן זי בייסן קויפן, —
ווײַל זויערע וואָלט זי ניט נעמען.

און אפן סאמע דעק — פון אונטן,
מיט די געבײַלטע טעמפּע שטערנס,
אין לעכלעך שטריקענע זיך שטויסן
די פאראיאָריקע קארטאָפל.

קיין נײַע האָט זי ניט געקויפט נאָך,
ווײַל קליינע זײַנען זיי, ווי ניסלעך,
גאנץ וואסערדיק דער טאם בא זיי נאָך,
און טײַערלעך פאר איר דער מעקעך.

מיט אלץ, וואָס זי האָט אײַנגעהאנדלט,
אהיים זי אײַלט פארבײַ דעם צווינטער
עס לויפן איר ארויס אנטקעגן
די גרויע שטיינערנע מאצייוועס,
ווי וועלן וואָלטן זיי איר זאָגן,
אז ס'איז שוין ניט קעדײַ צו אײַלן, —
זי וועט צו זיי סײַווי באלד קומען!..

און זי? — זי קוקט אין זייער זײַט ניט!
זי זעט זיך שטיין שוין בא דעם אויוון...
אָט וועט זי נעמען די קארטאָפל
אוועקשטעלן אין פעלצן קאָכן.

זי וועט מיט סמעטענע באגיסן
די פרישע ציבעלעס די גרינע,
די רויטע רעטעכלעך צעבראָקן,
און אלץ צוזאמען איבערמישן.

איר אייניקל, וואָס טוט נאָך שלאָפן
אזוי געשמאק אף דער ווערענדע
(ער איז צו איר אין געסט געקומען
נאָך נעכטן אף א גאנצן זונטיק),
וועט עסן דאָס מיט גרויס האנאָע.

## טכיִעס־האמייסים

דעם לעצטן טשוואָק אריַינגעהאקט,
דעם לעצטן קלאפּ געגעבן.
ס'איז טרויעריק, נאָר ס'איז א פאקט, —
מע האָט אין טרונע מיך פארפאקט,
וויַיל כ'טו שוין מער ניט לעבן.

איך ליג און גיב זיך ניט קיין ריר,
ווי אין געהאקטע ווונדן.
פארמאכט האָט זיך די שווארצע טיר,
די שיַין די ליכטיקע פון מיר
אף אייביק איז פארשוווּנדן.

נאָר גייַען צופוס דערפאר כ'פארשפּאָר,
מע גיט מיר אָפּ דאָ קאָוועד.
מיך פירט א פריילעכער שאָפיאָר,
צו עזראָ פיניִנבערגן כ'פאָר, —
צו אים קיין וואָסטריאקאָוואָ[1].

[1] עזראָ פיניִנבערג — א באוווּסטער ייִדיש־סאָוועטישער דיכ־טער. וואָסטריאקאָוואָ — דער ייִדישער בעסוילעם הינטער מאָסקווע.

ער איז מיט א יאָר צען צוריק,
אזוי ווי איך, געפאָרן.
די לאסטמאשין פליט דורך א בריק,
פון רעכטס — א ציגלנע פאבריק,
פון לינקס — א פעלד מיט קאָרן.

געקאַלכטע סלופיקעס א ריי,
אנטקעגן לויפן סעדער.
און מיטאמאָל — אפן שאָסיי
א ווײַסינק ציגעלע, ווי שניי,
און שיר אונטער די רעדער!

ס׳טוט די מאשין א שארפן קער,
א שפרונג איבער די שטיינער.
מיך טוט א וואָרף אהין, אהער,
איך האָב געמיינט, אז כ׳וועל שוין מער
ניט אופקלײַבן די ביינער...

נאָר ס׳מאכט זיך, אז א נעס געשעט, —
כ׳האָב ניסים ליב מעסוקן!
ווען כ׳האָב דערלאנגט דעם קאָפּ א פלעט,
ארויסגעשפרונגען פון א ברעט
איז מיטאמאָל א סוקל!..

און דורך דעם אייגל איז ארײַן
די זון צו מיר, א הייסע,
און טוט א זאָג: געבוג זאָל זײַן
צו ליגן אָן א ברעקל שײַן, —
שטיי אוף טכיִעס־האמייסים!

# באַרג־אַרויף

ווער זאָגט עס, אַז איך גיי שוין באַרג־אַראָפּ,
ווען צו דעם שפּיץ איך בין נאָך ניט דערגאַנגען.
די וואָלקנס, וואָס זיי האָבן אים פאַרהאַנגען,
אַדורכגעבויערט האָט נאָך ניט מײַן קאָפּ.

די ווינטן די צעהוליעטע אַף אים —
אין טאָל איעדן ווידערקאָל פאַרטויבן.
אויך זיי, וואָס באַלעבאַטעווען דאָרט אויבן,
אַדורכגעריסן האָט נאָך ניט מײַן שטים.

מעקאַנע בין איך שטאַרק דעם אָדלערס גליק,
וואָס טוט אין בלויער ליכטיקײַט זיך טויכן.
כ׳האָב אַף אַרויף — אין הימל אינעם הויכן
אַדורכגעסילעקט קוים צו אים מײַן בליק.

מעג זײַן פאַרשפּינט שוין מיט אַ פראָסט דער קאָפּ,
אַמאָל ווערט שווערלעך אים אַ הייב צו געבן, —
נאָר ס׳דאַרף אַ באַרג־אַרויף קעסיידער זײַן דײַן לעבן,
אַפילו ווען דו גייסט שוין באַרג־אַראָפּ.

# די ראבינע

גיי פרוּוו אין פרילינגדיקן וואלד
די ראבינע געפינען!
דעם ברייטן דעמב דערזעסטו באלד,
דערקענסט אויך די אָסינע.

עס טוט דיר א פארגאָס מיט שײַן
די ליכטיקע בעריאָזע.
עס מעג דײַן הארץ פון אײַזן זײַן, —
דײַן אויג א טרער וועט לאָזן.

דערזעסט דעם לײַוונטענעם קליאָן,
די סאמעטענע יאָדלע,
דאָס קלייד, וואָס זי האָט אָנגעטאָן,
זיך האלט אף איינע נאָדלען.

דערקענסט דאָ יעדערן קימאט
לויט זײַן באזונדער אויסזען —
דעם צווייט פון בוים, דעם שניט פון בלאט
און פון דער קרוין די קרויזן.

און ווען לויטן צוויַיג־געפלעכט
אין דורכלויכטן אין קלאָרע,
און ווען לויטן טראָפּן פעך,
וואָס פינקלט אף דער קאָרע.

און ווען לויט זיַין וווקס און שטאַלט, —
כ׳האָב טויזנטער סימאָנים.
נאָר פּרווו אין פרילינגדיקן וואַלד
די ראבינע דערקאָנען!

ווי זי וואָלט קומען פון דער פרעמד
און וואַקסן דאָ ניט טאָרן.
די ברייטע פּלייצע פונעם דעמב
האָט זי פאַרשטעלט פון פאָרנט,

דער קרומער שטאם פון בערעסקליעט
האָט זי פאַרצאַמט פון הינטן.
זי פרעגט בא אים מיט א געבעט:
— ווו זאָל זי זיך אהינטאָן? —

מע זאָל ניט הערן איר געוויין,
ניט זען, ווי זי טרויערט, —
גאַנץ אָפט באַהאַלט זי זיך אליין
אין שאָטן פון א כוואָיע.

גיי פּרווו אין פרילינגדיקן וואַלד
די ראבינע געפינען...
...ווען ס׳ציִען פייגלען מיט א גוואַלד
אין וואַרעמע מעדינעס

און נעמען צו די זומער־שײַן
מיט זיך אין ווײַטן וואנדער,
אָט דעמלט גיי אין וואלד ארײַן, —
ס'איז אלץ אינגאנצן אנדערש.

איצט וואָלסטו זיכער ניט דערקענט
דעם ברייטן דעמב דעם גיבער,
ער שטייט א נאקעטער פארשעמט
אין אָסיענדיקן פיבער.

עס וואָלט דיר אויסגעוויזן פרעמד
די ליכטיקע בעריאָזע —
מיט הוילן קאָפּ און ווײַסן העמד
צעשראָקן און פארלאָזן.

ווו איז די רײַכקײַט פונעם קליאָן,
דער גלאנץ פון דער אָסינע?
אין קרוע־בלוע אָנגעטאָן
אָנשטאָט די בגאָדים גרינע.

די יאָדלע, דאכט זיך, דו געפינסט,
אז ס'איז די זעלבע יאָדלע.
נאָר ווי פארייכערט איז איר גרינס,
געעלטערטע — די נאָדלען.

דער בערעסקליעט איז קרום און לאָם,
עס דוכט — ער איז אף קוליעס, —
ווי ס'וואָלט א שרעקלעכער פּאָגראָם
דאָ נאָרוואָס אָפּגעהוליעט.

עס איז דער וואַלד אומהיימלעך־גרוים,
דער ווינט האָט אויסגעטאָן אים,
עס ווערן ענלעך בוים אַף בוים —
פאַרלאָרן זייער פּאָנעם.

איז טאַקע דעמלט אינעם וואַלד,
ווען ער איז הויל און נאַקעט,
די ראַבינע דערזעסטו באַלד,
דערקענסט זי נאָכן פלאַקער.

זי האָט צעברענט זיך אַזוי העל, —
אַ ליכטיקע מענוירע, —
דער וואַלד פאַר פינצטערניש און קעלט
ניט האָבן זאָל קיין מוירע...

גראָד זי, וואָס איז געווען אין וואַלד
פון אַלעמען פאַרשטויסן, —
אָט איצטער, ווען דעם וואַלד איז קאַלט, —
האָט זיך מיט וואַרעמקייט צעשטראַלט...

איך זע, מע קאָן שוין מיינען באַלד,
אַז כ'בין דאָ עפּעס אויסן.

## ווען ס׳פאלט א בוים

ווען ס׳פאַלט אנידער אף דער ערד א בוים,
וואָס ס׳האָט א שטורעמווינט ארויסגעריסן, —
פארכאפּט ער מיט די וואָרצלען די געפּלאצטע,
וואָס זײַנען אפּן ברעג פון שטאם פארבליבן,
ווי אָפּגעהאקטע פינגער פון א האנט,
א שטיק מיט ערד און אלץ, וואָס איז אף דעם:
א צוויי־דרײַ פּאָזעמקעס, ווי לעבעדיקע פונקען,
א ביסל גראָז ניט זייער שטארק געדיכט,
א הײַפל מאָך א פּוכיקס, אופגעשלאָגן,
פונקט ווי א סאמעט־קישעלע א גריניקס,
אן אויסגעטריקנט פאראיאָריק בלעטל,
א שטײַף צונויפגעוויקלטס אין א טרײַבל, —
עס איז אהין א מערעשקע פארקראָכן.

און אָט דאָס אלץ האָט זיך א קער געגעבן
און מיטאמאָל קאַפּויר געבליבן הענגען,
ווי בא אן אָפּגרונט, בא דער גרוב דער פרישער,
וואָס, פאלנדיק, דער בוים האָט אויסגעגראָבן.
דער ווידערקאָל, וואָס האָט די לופט צעשפּאָלטן,

ווען ס׳האָט דער בוים דער גוואר גענומען קראַכן,
איז גאָר אינגיכן אײַנגעשטילט געוואָרן.

די צוויי־דרײַ פּאָזעמקעס די צונטער־רויטע,
זיי האָבן מיט דעם שטענגעלע דעם דינעם
איצט אין אַן אַנדער זײַט זיך אָנגעבויגן, —
און באַלד א נײַעם גלײַכגעוויכט געפונען.
אויך מיט דעם גראָז איז גאָרנישט ניט געשען,
אַזוי ווי מיט דעם הײַפל מאָך דעם פוכקן,
אַזוי ווי מיט דעם אויסגעדאַרטן בלעטל,
דעם שטײַף צונויפגעדרייטן אין א טרײַבל, —
ס׳איז נאָר פון דאָרט די מערעשקע אַנטלאָפן.

און אָט קריכט אום די מערעשקע שוין ווידער
דאָ, אויף די וואָרצלען, אויף דער פרישער הליבע,
אין גראָז, אין מאָך און אויפן דינינק שטענגל,
ווי גאָרנישט וואָלט פּאַרלאָפן אויף דער וועלט.

## דער האַרציקער ייִדיש פֿון פּוילן

װען איך האָב אין מינסק זיך געפֿרייט, —
באַם ליטוואַק הייסט „פֿרייען זיך“ ווױינען,
ווײַל „ווײינען“ באַ אים אין די רייד
אַרויסגעבראַכט ווערט מיט אַ ציירע —
באַקומט זיך ניט „ווײינען“, נאָר „ווײינען“,
דאָס וואָרט זאָל ניט האָבן צוויי מיינען,
דעם איינהאַלט מע זאָל ניט פֿאַרדרייען, —
איז זאָגט ער דעריבער „זיך פֿרייען“.

אָ, מעכטיקער ציירע! כ׳בין גרייט
אַ הימן דיר זינגען, מײַן ציירע.
פֿאַרקנאָטן דו ביסט אינעם „ברייט“,
פֿאַרוועבט אין דער „טיירע“, אין „סביירע“.

פֿון דיר בין איך פּאַשעט אַנציקט,
דו ביסט ניט קיין ליימענער גוילעם,
דו האָסט, ווי אַ שלאַכטמאַן, באַזיגט
דײַן אײביקן סוינע — דעם כוילעם.

איך ווייס ניט, ווי װעמען, נאָר מיר
געפֿעלט דאָס ליטוואַקישע ריידן, —

עס האָט יעדעס וואָרט זײַן קאָליר,
זײַן טאַם, זײַנע לײדן און פרײדן.

וואָס עמעס איז עמעס — גאַנץ אָפט
באַ אונדז אינעם שין איז אַ מאַנגל,
דער „איבערסטער" האָט אונדז „געסטראָפט",
ווײַזט אויס, פאַר די צינגער די לאַנגע...

איז אָט: ווען איך האָב זיך געפרײט
אין מינסק, דאָרט ניט ווײַט פון נעמיגע,
מײַן טיר טוט אַ סקריפּ שטילערהייט, —
אַרײַן איז אַ מענטש אַ ניט היגער.

אַרײַן און די טיר צוגעמאַכט
מיט קאַרגע באַוועגונגען שטילע,
און אויסגעזען האָט ער פאַרטראַכט,
אַזוי ווי אַ ייִנגל אַן אילוי.

אַ בלייכער, אַ שמאָלער אין ביין,
דיווינקלען די הויכע פון שטערן
געשטעמפּלט מיט כאָכמע און כיין,
וואָס קומען פון שטענדיקן קלערן.

און דין איז געוועזן זײַן האַנט,
די אויגן — פאַרנעפּלטע קאַרשן.
— עך זענט מיט מיר נישט באַקאַנט,
יאַך בין אַ שראַבער פון וואַרשע. —

מיר האַלטן פאַרפלאָכטן די הענט
און דריקן און טרייסלען זיי פלײַסיק...

5–2979

...דער הימל אױף מײַרעװו־זײַט ברענט,
ס'איז נײַנצן נײַן און דרײַסיק.

און טאקע אָט דעמלט — דורך פּײַן,
דורך אויסערגעוויינלעכע גרוילן
צו מיר אין מײַן שטוב איז אַרײַן
דער הארציקער ייִדיש פון פוילן.

אַרײַן, ווי א ליכטיקע טרער,
אין אָפענעם הארצן אין מײַנעם.
דו טוסט זיך אזוי א פארקלער —
און זי איז שוין גרייט זיך צעשײַנען...

כ'בין מוידע זיך, — ווען כ'פלעג אמאָל
דערהערן די „עצן" און „יאכן",
איז אײַנהאלטן פלעג איך דאָס קאָל,
אז איך זאָל זיך הויך ניט צעלאכן.

נאָר איצטער — כ'האָב ווידער, באַנײַס
באַנומען די קראפט פונעם לאָשן —
פון פערעצעס רולאָזן גײַסט,
פון ווײַסנבערגן, אָפּאטאָשו.

די גאנצענע צײַט נאָך ביז הײַנט
איך טרינק פון דעם קוואל פון דעם ריינעם.
וואָס מאכסטו, מײַן ווארשעווער פרײַנט?
מיר זײַנען דאָך נאָענטע שכיינים.

מיר זײַנען דערווײַל נאָך צעשיידט,
נאָר כ'גליִיב, אז מיר וועלן זיך טרעפן.
ערשט נעכטן, מיר דוכט, שטילערהייט
די טיר מײַנע האָסטו געעפנט.

# אפן ווײַסל

א פּוסטע שטוב. ווי גוט, וואָס דאָ איז שטיל, —
מיר וועלן עפּשער אויסשלאָפן זיך קאָנען.
א מידער כ׳פאַל אנידער אפן דיל
אונטער א קאַטוילישער איקאָנע.

עס קומט דער כאָלעם פריִער פונעם שלאָף
און טראָגט אוועק מיך אף א פערד א ווײַסן
אף צו דערכאָלעמען א גוטן סאָף
פאר מײַן שטעטעלע באם פּריפּעט — דאָרט, אין רײַסן.

ארײַנגעריטן אינעם צויבער־לאַנד
בין איך מיט ביקס און רוקזאק אף דער פּלייצע...
נאָר א צעבלוטיקטע סאָלדאטסקע האנט
האָט אָנגעכאפּט די גאָלדענע צוויי לייצעס.

קאפּויר האָט זיך דאָס פערד געטאָן א שטעל —
די טלאָען — אף א וואָלקן ערגעץ ווײַט דאָרט,
און האָט מיך פון זײַן פײַעריקער פעל
אראָפּגעשלײַדערט...

א זעץ... כ׳שפּרינג אויף! א הליבע שוואַרצע נאַכט
זיך טוט א בראָך און קראַכט אין רויטן ווײַסל.
האַרמאַטן רעוועץ אויף. מיר וואַרפֿן זיך אין שלאַכט
פֿאַר מײַן שטעטעלע באַם פּריפּעט — דאָרט, אין רײַסן.

# ניטאָ אזא וואָרט

א שנירעלע זאמד רינט אראָפּ אין אָקאָפּ, —
א פעלד־מויז אין ברוסטוועך זיך גראָבט אלץ און גראָבט.

די מויז האָט די ערשטע דערשפּירט די געפאר, —
זי האָט זיך אין נאָרע געטאָן א פארשאר.

מיר ווערן פארשאָטן מיט פּײַער און זאמד, —
עס קריכט אף אונדז רעוועדיק דער „פערדינאנד“.

פון אונטערן קאָלנער נעמט עסן, ווי זאלץ.
צעקנעפּלט זיך איינער — זאָל פרײַ זײַן דער האלדז.

געבליבן דער רוקזאק, די בריוו און דאָס ברויט,
ער האָט זיך געלאָזן אנטקעגן דעם טויט...

ווען ס'האָט זיך דער טאנק אינעם פּײַער דערשטיקט, —
מיר זײַנען אריבער דעם הילצערנעם בריק.

געקומען איז ווידער צו פאָרן די קיך,
די זעלנער מיט קעסעלעך לויפן אפגיך.

באם טײַלן די הירזשענע קאַשע אין פּעלד
אײַן קעסעלע האָט צווישן אַלע געפּעלט...

דערהאַרגעט? ניטאָ אַזאַ וואָרט אין אַרמיי.
מע זאָגט בײַ אונדז: „ער איז אַרויס פון דער ריי“.

## דורשט

פּייַער און רויך — דייַן צוקאָפּנס,
און זאמד אפּן גומען, ווי זאַלץ,
וואסער ווו נעמט מען א טראָפּן? —
איבערגעטריקנט אין האַלדז.

אף יענער זייַט — הינטער די דראָטן,
ווו ס'שלענגלט זיך זייער טראנשיי, —
דער ברונעם איז אונדזערער דאָרטן,
נאָר וואסער פון אים טרינקען זיי.

איך ווייס ניט, וואָס האָט אונדז געטריבן, —
צי סינע, צי דורשט, — אין דער שלאכט.
מיר האָבן אהין זיך דערקליבן,
דעם ברונעם באפאלן פארשמאכט.

און פּלוצעם — א שאר זיך פאנאנדער,
א זעץ געטאָן האָט מיר אין קאָפּ:
דער ברונעם איז ביז צו די ראנדן
געוועזן מיט הארוגים פארשטאָפּט...

# אפן סטיר

דער קריג האָט צום סטיר מיך געבראַכט —
א טײַך אין וואָלינער געגנט.
ס׳האָט אָשער שווארצמאַן אין שלאַכט
אָט דאָ זײַן טויט באַגעגנט.

...אַראָפּ צום וואַסער איך שלײַך.
די מינענוואַרפער זעצן.
איך שווים אַריבער דעם טײַך —
די ביקס אינדערהייך — ניט פאַרנעצן.

איך קריך אפן בויך צום טראַנשיי,
נאָך מיר — דאָס רעשט פון מײַן ראָטע.
פלוצעם כ׳דערהער א געשריי:
„טאָטע! טאָטע!“

א מיידעלע לויפט דורכן פעלד...
— מיידעלע, וואָס טוסטו? —
און פלוצעם — זיך אָפּגעשטעלט —
דעם וועג האָט פאַרשטעלט א ברוסטווער...

עס לויפט אף צוריק די ערד
פון אונטער די באָרוועסע פיסלעך.
די קעפּ צום קינד פארקערט,
מיר רוקן זיך איבער צוביסלעך.

דעם ערשטן דערזעט זי מיך.
אין בליק — דער גרויל פון מילכאָמע...
זי בעט זיך: „קימט אפגיך,
זיי הארגענען מײַן מאָמע!"

...ניט אלץ דער זיקאָרן פארהיט.
ס׳פארגעסט זיך א סאך מיט די יאָרן.
נאָר דאָס — דאָס איז ניט קיין ליד —
דאָס איז דער געוויין פון זיקאָרן.

## צי ווייסטו, מײַן פרײַנט...

וו ו ס׳קרייצן זיך איבער די וועגן,
אין וועלדל ניט ווײַט פון קאפוליע,
מיט מיר איז אליאָשע געלעגן
און האָט צו מײַן זײַט זיך געטוליעט.

מיר זײַנען צוזאמען געזעסן
אין טיפע וואָראָניעזשער שנייען
און קאשע איניינעם געגעסן
מיט אים אין די קורסקער טראנשייען,

געפויזעט פארקילטע, פארנעצטע,
אין פעלד־שפיטאָלביידע געהיילט זיך,
געטיילט זיך מיט קוילן מיט לעצטע,
מיט אים מיטן ביסן געטיילט זיך.

זײַן כאטע — אין וועלדער וואלדײַער,
מײַן היים — אין ווײַסרוסישע באָרן.
זײַן דאָרף איז אוועק מיטן פײַער,
און איך האָב מײַן שטעטל פארלאָרן...

...מיר זײַנען פֿון װאַלדישער ענגשאַפֿט
אַרױס אױף דער לאָנקע דער פֿרײַער.
און ס'האָט זיך אַ שרעקלעכע בענקשאַפֿט
צעפֿלאַקערט אין מיר, װי אַ פֿײַער...

— צי װײסטו, סערזשאַנט, װוּ מיר ליגן? —
אַ פֿרעג געטאָן האָב איך אַליאָשען, —
װער שטאַמט פֿון דעם שטעטל דעם היגן?
מעגסט, כאַװערל, װיסן, נישקאָשע! —

מיר דוכט, אינעם רױך פֿון די הײַזער,
אין פֿלאַם פֿון די הילצערנע שטאָקן
דערזע איך דאָס בערדל דאָס גרײַזע
פֿון אונדזער געװײנישן זאָקן.

...די פֿלאַנגען זיך װיקלען פֿאַנאַנדער,
פֿון טאַנקען דערטראָגט זיך דאָס רױשן,—
װי ס'װאָלט אונדז דערלאַנגט די קאָמאַנדע
דער אַלטער מאַרטירער פֿון יױשער.

„קאַטיושעס" זיך האָבן צעהוליעט,
איך טוליע די ביקס צו דעם אָרעם.
עס בענטשט אונדז אין שלאַכט פֿאַר קאַפּוליע
מענדעלע מוכר־ספֿרים.

## וואפנע אף די שלייפן

די פּויערטע שטיין איז געבליבן א שטומע, —
א ווײַסער, ווי איך, פּלעגט דער מאַן אירער קומען.

ער האָט אין די גריבער דאָ וואפנע געלאָשן,
און לאנג, ווי פון אים איז קיין זייכער ניטאָ שוין.

די ראָצכים — זיי האָבן אים צווישן די שטיינער
פארוואָרפן, צעריבן אף קאלך זײַנע ביינער.

— וואָס קוקסטו מיך אָנעט מיט אויגן פארגלאָזטע?
כ׳בין נאָרוואָס פון פײַער ארויס, באלעבאָסטע.

די שטיינער פון וואפנע אין ראדוליער טאָלן
מיר האָבן מיט שטיוול סאָלדאטסקע צעמאָלן.

דער שטעכיקער שטויב האָט געריסן די אויגן,
אף אונדזערע קעפּ זײַנען מינעס געפלויגן.

אבי נאָר מע זאָגט, אז פון וואפנע עס ווערן
געזינטער די ביינער — ניטאָ וואָס צו הערן!

וואָס דרייסטו ארום זיך אין שטוב א צעדולטע?
דערלאנג, באלעבאָסטע, מיר וואסער א מולטער.

נאָר וויפל דעם קאָפּ כ׳זאָל ניט וואשן און זייפן, —
פארבליבן איז וואפנע בא מיר אף די שלייפן...

# פּאָמינקעס

מיר פּראָפּן אויף דעם דריטן האַלבן ליטער,
דער רויך פון די ציגאַרן ווערט געדיכטער.
דער לאָמפּ איבערן טיש, ער טוט א ציטער,
און אַף א רעגע כ׳ווער אינגאַנצן ניכטער.

מיר זיצן בא דעם טיש דאָ לאַנג, אַפּאָנעם, —
דער אַשן־בעכער פול איז ביז די ברעגן,
פון ווינקל קוקט די היילִיקע מאַדאָנע,
זי קוקט אַף מיר און וויל מיך עפּעס פרעגן...

דו פרעג מיך ניט. איך וועל אַליין דערציילן,
ווי קום איך אָט אַהערצו אין דער כאַטע.
מע האָט אין מעדסאַנבאַט געבראַכט מיך היילן,
די סאַנדאָמירער קויל ט׳מיך שיר געפּאַטערט.

וואָלסט ניט געקוקט אַף מיר אָט איצט פון ווינקל, —
געקענט וואָלט זײַן די דיקטענע מאַציִיווע
בא מײַן צוקאָפּנס פון מײַן פרישן קייווער
דאָ, בא דעם ווײַסל, אַף דעם ברעג דעם לינקן.

דו זעסט דען ניט? דו גיב א קוק אהינטער
צום פעלד־שפיטאָל, ווו ס'שטייען די הארמאטן, —
אָט דאָרטן איז ער, דער סאָלדאטסקער צווינטער,
דאָרטן שלאָפן פון מײַן ראָטע די סאָלדאטן.

און ווען מע וואָלט פּאָמינקעס נעמען פּראווען
נאָך אלעמען, פארברענטע אינעם פײַער, —
קיין בראנפן אף דער וועלט עס וואָלט ניט סטײַען,
גאנץ אופריכטיק איך זאָג דיר, ווי א כאוועך.

— וואָס לאכסטו, סטארשינא, ס'איז דען א ליגן? —
א זעץ אין טיש. עס נעמט די שײַן זיך טוקן.
און ווידער האָט זיך אלץ גענומען וויגן,
ס'וויל די איקאָנע מער אף מיר ניט קוקן.

צום טײַוול! לאָמיר אויסטרינקען! איז לאָמיר!
זאָל גרינג, ווי פּוך, מײַן כאוועך זײַן די ערד דאָרט...
עס גייט אזא מין שרעקלעכע מילכאָמע,
איז האָט בא איר א מענטש עפּעס א ווערדע?..

# אלע שיינע זיבן פארבן

פון די ליימיקע אָקאָפּעס
רוקן מיר ארויס די קעפּ,
ס׳האָט דער רעגן לעצטע טראָפּנס
אינעם ברוסטווער אײַנגעקלעפּט.

מיר צעשפּיליען זיך די קעלנער,
ס׳איז די קויט אין לײַב אַרײַן,
אונדז, די דורכגענעצטע זעלנער,
שווער איז צו מעקאנע זײַן!

נאָר דו גלייבסט ניט דײַנע אויגן, —
סארא וווּנדערלעכע וועלט!
ס׳האָט די זון א רעגנבויגן —
ווי א טויער אופגעשטעלט.

אלע שיינע זיבן פארבן
אפן הימל אויסגעמאָלט...
ס׳האָט זיך יעדן ביז צו שטארבן
זען די היים זײַנע פארוואָלט.

שטיל געוואָרן די האַרמאַטן,
שווימען אַף די וואָלקנס רויך.
די פאַרזשמורעטע סאָלדאַטן
קוקן אײַן זיך אין דער הויך.

אין די פאַרבן אין די שײַנע —
יעדער האָט זיך זײַן קאָליר:
בלויע אויגן זעט דאָ אײנער, —
ס׳פירט דער בויגן אים צו איר;

א בעריאָזקעלע אין גרינעם
פאַר א צווייטן מאָלט זיך אויס,
און דער דריטער האָט אין זינען
פון זײַן היים די זונענרויז.

זונענרויזן און בעריאָזעס!
כ׳בין, ווי אַלע, א סאָלדאַט...
פאַרבן געלע, גרינע, ראָזע
בא מײַן שטוב האָב איך געהאַט.

נאָר דער רעגנבויגן־טויער
אַף א העלפט איז נאָך בא זיי...
דורכגענעצטע, קויטיק־גרויע
ליגן מיר אין דער טראַנשיי.

זיבן פאַרבן פאַר די אויגן.
די האַרמאַטן — אופגעוואַכט.
פאַר דעם גאַנצן רעגנבויגן
לאָזן מיר זיך אינעם שלאַכט.

# בייס דער מילכאָמע

א הייב די קליאמקע. איך בייג איַין דעם קאָפּ.
די כאטעס זיַינען דאָ מיט נידעריקע טירן.
פון אויוון קריכט אן אלטיטשקע אראָפּ,
מיט כשאד נאָך מיר די אויגן אירע שפּירן.

די הייסע קאסקע טו איך אויס. א קלאפּ
זי האָט אָן אויבערשטידל זיך געגעבן.
— א ביסל וואסער, באָבעניו, א קאפּ,
איך וועל דיך ניט פארגעסן צייַט כ׳וועל לעבן!

מיט דריבנע טריטעלעך די אלטע שארט זיך לאנג,
אזא צונויפגעהויקערטע, א בלאסע,
לענגויס דער טונקעלער צעקארבטער באנק,
אהין, ווו ס׳שטייט דאָס צעבערל מיט וואסער.

פון ענגן פּירהויז ציט מיט אויסגעטריקנט גראָז,
די קוואָרט מיט וואסער האָט פארשמעקט מיט שוואָמען.
— דו ביסט א ייִד?
— איך בין א ייִד. איז וואָס?
— ווער זאָגט — איר דרייט זיך אויס פון דער מילכאָמע?

און בא די ווערטער מיטאמאָל זיך האָט
דערהערט פון א מאשין־געוווער דאָס טראסקען.
— נו גיי, מײַן זון, באשיצן זאָל דיך גאָט! —
און צײלעמט איבער אפדערגיך מײַן קאסקע.

## אפן דודיטשער שליאך

מיטן דודיטשער שליאך — אף יענער זײַט ליניע
ניט גיין זאָלט איר יאגעדעס קלײַבן.
מיטן דודיטשער שליאך — אף יענער זײַט ליניע
די טשערעדע זאָלט איר ניט טרײַבן, —
ווײַל אָן א זײַט פונעם שליאך בא דער ליניע
שלאָפט דער פעטער פיניע.

די שטילע קוקאווקע דעם „קוקו" פארהאלט,
די סאָווע דאָ שרײַט ניט באנאכט אינעם וואלד, —
עס שלאָפט דער פעטער פיניע.

דער פיקהאָלץ ניט קלאפט אין דער קאָרע פון בוים,
דער שטעכלער — ער שארט אין די בלעטער זיך קוים, —
ניט שאָרכן זיי זאָלן, די בלעטער, —
שא, עס שלאָפט דער פעטער...

שטילער דאָ ווערט בא דעם ווינט זײַן געלאָף,
ניט אופוועקן זאָל זיך, כאָלילע, פון שלאָף
דער פעטער.

ווו איז דאָ זײַן בעט?
ווו קאָן עס דאָ שטיין?

פארוואָס דער צוקאָפּנס איז הארט, ווי א שטיין
באַ דעם פעטער?

ווו איז דאָ זײַן שטוב?
ווו איז דאָ זײַן שטעטל?
ווו זײַנען די שכיינים — די בויער, די שמידן?
א פּלאָקן אַרײַנגעהאַקט באַ זײַן צוקאָפּנס,
צוגעקלאַפּט איז צו דעם פּלאָקן א ברעטל,
„פּוי ניכבאָר״ איז אָף אָט דעם ברעטל פאַרשריבן.
און דאָס איז דאָס אייניציקע, וואָס איז פאַרבליבן
פונעם פעטער...

...דאָס גאַנצענע שטעטל פּוסט איז געבליבן!
דורך טאָג און דורך נאַכט האָט מען יידן געטריבן
מיט דודיטשער שליאַך, אָף יענער זײַט ליניע, —
פּיניע, ווו טרײַבט מען דיך, פּיניע?!

...מיט אַלעמען האָט מען אין ריוו אים געשלײַדערט,
מיט קוילעס אוווראָקים געהילכט האָט די ווײַט דאָרט...
און אויב ס'איז דער דאָזיקער גזאַר ניט גענוג אים, —
אָף אים אָנגעוואַלגערט זיי האָבן הארוגים,
דאָס גאַנצענע שטעטל אָף אים איז געלעגן, —
אַרויסקריכן זאָל ער זיך מער ניט דערוועגן...

נאָר ס'האָט אים, דעם פעטער, די קויל אויסגעמיטן,
נאָר ס'האָט אים, דעם פעטער, די שווערד ניט פאַרשניטן,
און לאַנג נאָך געבאָבערט ער האָט זיך אין צאָרן, —
ביז ער איז פאַרמאַטערט אַנשלאָפן געוואָרן...

אָף דודיטשער שליאַך,
אָף יענער זײַט ליניע
שלאָפט דער פעטער פּיניע...

## דאָס בלעטל

האָט א ווינט אין גאָרטן
לאנג דעם בוים געשמיסן, —
אים א בלעטל דאָרטן
האָט ער אָפּגעריסן.

ס'האָבן אלע בלעטער
ציטערן גענומען, —
אזא בייזער וועטער
אינעם מיטן זומער!

ס'ליגט דער בלאט פאַריאָסעמט
אף דער זײַט דער לינקער,
די געשמאקע ראָסע
וועט ער מער ניט טרינקען.

ווי דאָס צווײַגל אָטעמט,
וועט ער מער ניט פילן,
קיינעם אין זײַן שאָטן
וועט ער ניט פארהילן.

אין די אויסגעבלייכטע
אָדערלעך די דינע
וועט דער זאפט דער גרינער
מערער שוין ניט רינען...

און עס האָט דאָס בלעטל
אָנגעהויבן בעטן
בא דעם ווינט דעם בייזן,
אז ער זאָל אים רעטן,

אז ער זאָל ניט לאָזן
ליגן אפן גראָז אים,
אז ער זאָל צוריק אים
אפן בוים פארבלאָזן,

אז דער רעכטער זומער
איז דאָך ערשט געקומען...
...ביז דער ווינט האָט ענדלעך
זײַנע רייד פארנומען.

ס׳איז א שאָד געוואָרן
אים דעם בלאט, אפאָנעם,
האָט ער אף דער דלאָניע
פלינק א הייב געטאָן אים

און אים צוגעבלאָזן
צו דעם שטאם דעם אלטן,
און אף אים געבלאָזן,
אז ער זאָל זיך האלטן.

אויף דער הארטער קאָרע
הענגט דער בלאַט און ציטערט.
אונטער הימלען קלאָרע
ביימער גרין־צעבליטע.

ס׳ציִיטיקן די פרוכטן,
פויגלען זינגען לידער.
און דעם בלאַט נעמט דוכטן,
אַז ער וואַקסט שוין ווידער...

# זיבעצן פארבליבענע

געווידמעט די זיבעצן נעפּאשעס פון סאנדאָמיר,
וואָס מײַן איין־און־אכציקסטע דיוויזיע האָט
אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

וו ו זײַט איר איצט, די זיבעצן פארבליבענע
פון די פיר טויזנט סאנדאָמירער קדושים?
...אָט גיי איך אויף די טרעפּ די אָפּגעריבענע,
וואָס זײַנען פון דער צײַט געוואָרן גרוי שוין.

צום בוידעם הייב איך זיך, ווו איר האָט זיך באהאלטן,
געווארט, ביז ס'וועט דער גוירל זיך דערבארעמען.
איך האלט זיך אָן בא דעם פארעגנטש דעם קאלטן,
וואָס האָט פארבענקט זיך נאָך א האנט א ווארעמער.

א לעבעדיקער מענטש זאָל דאָ באווײַזן זיך!
נאָר שרעק פון אויסגעזעצטע פענצטער לויערט.
עס קלאפּן מײַנע שטיוול מיט די אײַזנדלעך
אין שווידערדיקער שטילקײַט פונעם מויער...

אָט האָבן זיך געענדיקט שוין די שטיגן,
די שמאָלע טיר זיך עפנט מיט א קרעכצן,
פון דיל זיך הייבן אוף פּאוואָליע זעכצן,
דער זיבעצנטער איז געבליבן ליגן...

די אויגן מײַנע דארף איך נאָר פארמאכן,
און איך דערזע: דעם קראנקן מאן דעם בלייכן,
דאָס יינגעלע, וואָס וויל זיך פּרווון לאכן,
נאָר ס׳קומט ארויס בא אים א קרומער שמייכל...

צוויי שוועסטערלעך זיך פאר די הענטלעך האלטן,
זיי ציטערן א וואָרט ארויסצוריידן...
א קסיאָנדז אין א קאָסטיאָל האָט זיי באהאלטן
און ציילעמלעך געהייסן טראָגן ביידן.

כ׳האָב דאן געוווסט פון יעדערן זײַן נאָמען,
נאָר דורכגעגאנגען שוין אזויפיל יאָרן...
איין נאָמען בלויז פארהיט האָט מײַן זיקאָרן —
„רוזשא״ — רייזל מוז עס זײַן מיסטאָמע.

נאָך אדהאיאָם געדענק איך אײַך ביז וויטעק.
כ׳געדענק דעם אפדערנאכט אין אָנהייב זומער,
ווי מיר זײַנען צו אײַך ארײַנגעקומען —
א סטארשינא, א לייטענאנט — דער צווייטער.

און ווי געוויינט מיר האָבן, מיר — די מענער,
אדורכגעגאנגענע דורך רויך און פלאמען...
צי ווייסט איר, אז דער לייטענאנט אָט יענער —
דאָס בין איך געווען, טעלעסין זיאמע?

## דזיען דאָברי

ווײַבאַלד נאָר איך פֿלעג אים דערזען פֿאַר די אויגן
(דעם מענטשן געקענט האָבן אַלע),
איז פֿלעג איך מיט אָפּשײַ פֿאַר אים זיך פֿאַרנויגן:
— דזיען דאָברי, דיאַדקאַ קופּאַלאַ!

ס׳געדענקט זיך זײַן גראָבלעכער בארנבוים־שטעקן —
אַליין אויסגעשניצט אים, מיסטאָמע.
זײַן פֿרײַנטלעכע האַנט נעמט אַנטקעגן זיך שטרעקן:
— שאָלעם־אַלייכעם, רעב זיאָמע!

— דזיען דאָברי.
— שאָלעם־אַלייכעם.
די אויגן בײַ אים
נעמען שמייכלען.

מיר וואָלטן אַ גאַנצענעם לעבן זיך גריסן
און אויסלעבן גליקלעך די יאָרן,
נאָר ס׳האָט אונדזער ערד זיך אַף שטיקער צעריסן
און כ׳האָב פֿונעם אויג אים פֿאַרלאָרן.

און איבער די לאנען, ווו ס׳פלעגן בוטשאנען
אין סאזשלקע שטילע זיך שפיגלען, —
באוויזן זיך האָבן אעראָפּלאנען
מיט האקנקרייצן אף פליגלען.

...ווײַט פון מײַן היים־קאנט האָט מיך די מילכאָמע
פארטראָגן אף מער זיך ניט קערן...
נאָר שטענדיק, ווען איך פלעג דערמאָנען זײַן נאָמען,
פלעגט גוט אפן הארצן מיר ווערן.

און איינמאָל... געוואָרן איז שטילער דאָס פײַער,
איך ליג אף דעם שנייַ דעם ניט פעסטן,
דערזען איבער וואלד האָב איך בושלעס א סטײַע,
וואָס קערט זיך צוריק צו די נעסטן.

א רעגע געבליבן בין איך, ווי באנומען...
א טראכט טאָן! — דורך אומגליקן אלע
די בושלען, זיי זײַנען אהערצו געקומען,
געבראכט מיר א גרוס פון קופאלען.

...עס האָט די מילכאָמע נאָך לאנג מיך געטריבן
אין שלאכטן זיך שלאָגן פאר פרידן.
ווו זײַט איר, ווײַסרוסישע שטעטלעך, פארבליבן?
אוווּ זײַנען אײַערע ייִדן?

אוווּ איז דער מענטש, אָט די גוטע נעשאָמע,
וואָס ליב געהאט האָבן אים אלע?
א קלייניקײַט — אויסשטיין אזא מין מילכאָמע!
— דזיען דאָברי, דיאדקא קופאלא!

# די עלנטע מאמעס

די מאמע — זי מוז מיך דערמאָנען, —
א גאנצענעם טאָג, אז איך שלוקערץ...
די פעלדשערן די באטאליאָנע,
וואָס אַלץ אף דער וועלט דארף זי וויסן,
זי זאָגט, כ'זאָל א שטיקעלע צוקער
פארטרינקען מיט וואסער א ביסל.

אין קעשענע פון מײַן שינעלכל,
אין ברעקלעך סוכארעס פארדארטע,
אין שטויב פון מאכאָרקע, מיט וועלכער
איך פלעג די נעשאָמע דערקוויקן,
האָב איך מיט די פינגער די הארטע
אָנגעטאפט צוקער א שטיקל.

די מאמע וואָלט איצטער צעשפאלטן
דאָס ציגעלע צוקער אף פירען,
און הויך אין דער דלאָניע געהאלטן
די ליימענע שאָל אין די בלומען,
און ס'וואָלט צו די ליפן צו אירע
א טייעלע אונטערגעשווומען.

...די מאמע — זי מוז זיך איצט שלעפן
אין דעם עשעלאָן אף סאמארע
און זוכט ערגעץ אָקרעפּ פארשעפּן,
ס׳האָט אָקרעפּ אין לאנד ניט געסטײַעט...
עס וואָלט דאָך א גלעזעלע ווארעמס
מײַן אלטינקע מאמע אָטכײַעט.

אין קעשענע בלײַבט בא מיר ליגן
דאָס שטיקל סאָלדאטישע צוקער.
די ערד האָט גענומען זיך וויגן
פון דײַטשישע טאנקען, וואָס שפּארן.
אין פעלד בא וועליקיִע לוקי
מיר דארפן דעם וועג זיי פארשפּארן, —
עס זאָלן די עלנטע מאמעס
די גרויסע יעשוע דערהארן.

# אויב כ׳וועל ניט ווערן דערהארגעט

עס שווימט מיטן וואסער א מעס
פון מאָזיר — אראָפּ צו סעליבע.
מיר ליגן דעם צוועלפטן מעסלעס
אין טיפע פארזומפּיקטע גריבער
און קאָנען דעם טײַך ניט אריבער.

א שטיקל פארענטש איז פון בריק
געבליבן דער איינציקער זייכער,
עס וויגט דער פארענטש זיך און וויגט,
און טוקט זיך אין וואסער אין בלייכן
און קאָן אלץ צום ברעג ניט דערגרייכן.

צום טײַוול! ווי מיד און ווי מאט
מיר זײַנען פון בלײַיקן האָגל!
עס פאסט דאָך ניט פאר א סאָלדאט,
ער זאָל אף זײַן גורל זיך קלאָגן,
געקומען צו רייד — קאָן מען זאָגן.

ווו נעמט מען איצט אף א ציגאר
מאכאָרקע? ס׳פארכאפּט אזש דער אָטעם!
אין קעשענע, וויפל ניט שאר, —

געפינסטו נאָר קײַקעלעך בלאָטע, —
פֿאַרבליבן אָן טאַבעק די ראָטע.

ווו נעמט מען איצט יענעם אָקאָפּ
פֿון געלינקן זאַמד אויף דער טרוקן?
א כיעס — שפּאַרסט אַנגעט דעם קאָפּ,
קענסט אָנלייגן זיך אויפֿן רוקן,
און דאַרפֿסט פֿאַר קיין קויל זיך ניט בוקן.

ווער רעדט נאָך — ס׳ווערט שטיל אומגעריכט,
אוועק אין א זײַט איז דאָס פֿײַער,
דאָס העמד קענסטו אויסטאָן פֿון זיך —
באַקוקסט עס. טוסט אָן. א מעכײַע! —
ווי עס וואָלט געוואָרן א נײַע.

פֿון אַלץ, נאָר פֿון דעם איצט ניט טראַכט,
ס׳קאָן ווײַט, זייער ווײַט דיך פֿאַרפֿירן...
מיר דאַרפֿן אין הײַנטיקער נאַכט,
ווי ס׳הייסט אויף דער זעלנערשער שפּראַך,
„דעם וואַסער־מעהאַלעך פֿאָרסירן".

פֿון בריק דער פֿאַרקוילטער פֿאַרענטש —
זיך שלאָגט אין דער נאַכט דער געדיכטער...
אין מאָסקווע א נאָענטער מענטש
דערוואַרט מיך. דער מענטש איז געבענטשט
מיט גליקלעכער פּײַן פֿון א דיכטער.

איז ווי נאָר אויף יענער זײַט טײַך
כ׳וועל ברענגען מײַן ראָטע מײַן קאַרגע, —
איז אָנשרײַבן וועל איך איר גלײַך,
אַז איך בין אַריבער דעם טײַך,
אויב איך וועל ניט ווערן דערהאַרגעט.

## דאָס פענצטער

מע שיסט נאָך ניט. ס׳איז שטיל. ס׳איז פוסט דאָס דאָרף.
אין פולן וווקס דערווײַל ארומגיין קענסטו.
פון עקסטער כאטע כ׳נעם ארויס א פענצטער
פאר אונדזער ערדשטיבל, וואָס איז פארשטעקט אין טאָרף.

און ווי נאָר די פארגלאָזטע ראם מיר האָבן
ביז העלפט אין פײַכטער ערד ארײַנגעפאסט, —
ווי ס׳וואָלטן קיינמאָל דאָ ניט זײַן קיין גראָבנס,
קיין שטעכעדיקע דראָט אף סלופעס גראָבע,
כ׳דערזע אין שויב א לעבעדיקע גאס.

א וואָגן היי פאָרט דורך פארבײַ. פון אויבן
א פויער אויסגעצויגן אפן בויך.
דער שטאנג פון ברונעם האָט זיך אופגעהויבן
און ציט ארוף דעם עמער אין דער הויך.

עס טריקענען זיך קריגלעך אף די פלויטן,
און ס׳דוכט זיך אויס, אז אָט דערזע איך באלד
א מאכנע קינדערלעך אין האלדזטיכלעך אין רויטע,
וואָס באָרוועסע מארשירן צו דעם וואלד.

איך וועל דערזען פון קוימענס רויכלעך דינע,
די טשערעדע, וואָס פונעם פעלד זיך קערט...
...נאָר אינדערעמעסן — דאָ פײַפן מינעס,
עס צינדט זיך אָן און ס׳ברענט דער וואלד דער גרינער,
דער טאָרף האָט זיך אין קנוילן רויך פארכליניעט,
קאפויר האָט זיך א קער געטאָן די ערד...

# אופגאנג

א נאכט, אז די טאָפּאָלן רוישן...
כוץ מיר, איז דאָ קיינער ניטאָ.
דאָ ליגן און שלאָפן די קדושים —
מײַן גאנצע מישפּאָכע איז דאָ.
די פארבן אין הימל זיך טוישן —
ס׳ווערט ראָז, ווו געווען איז בלאָ.

אָט טראָגט זיך א לאָשעק א ראָזער, —
דער אופגאנג פון זון אים באלײַכט.
עס האָבן די שווערע בולדאָזערס
אווו נאָר א ברוסטווער פארגלײַכט.
און אלץ שוין פארצויגן מיט גראָז איז, —
ארומלויפן זײַן זאָל אים לײַכט.

דער לאָשעק וועט זיך ניט ספּאָטיקען
אָן עפּעס א שטיין צי א ביין.
צענומען פון ברוכוואָרג די שטיקער,
פאראקערט דעם באָדן אף ריין.
דער לאָשעק, ער טראָגט זיך פארשיקערט, —
אים שיקערט די ראכוועס פון פליין.

די זון זיך צעברענט, ווי א שײַטער,
דער וועלט זאָל ניט זײַן אזוי קאַלט.
דער לאָשעק, ער טראָגט זיך פארשײַטער,
אפצווייען דעם ווינט ער צעשפּאַלט.
...דו זע נאָר, ווי קומט דאָ א רײַטער,
די לייצעס פּאַראקשנט ער האַלט?!

דער לאָשעק דאָס צײַמל נעמט בײַסן
און שטעלט זיך קאַפּויר אומגעריכט.
און, הירזשענדיק, נעמט ער זיך רײַסן
אהינצו, ווו ס'ריזלט די ליכט.
ווער זיצט אף דעם לאָשעק דעם ווײַסן? —
דער רײַטער, וואָס רײַט, דאָס בין איך!

עס שמײַסט מיר אין פּאָנעם די הריווע.
מײַן ברוסט קעגן ווינט איז אנטבלויזט,
ער לאָזט מיך ניט בלײַבן אין גליווער,
ער שטויסט מיך — א שטויס נאָך א שטויס.
איך זיץ אזוי רײַטנדיק שיווע
און טראָג זיך פּאָרויס, פּאָרויס!

## מײַנע בגאָדים

איך האָב באַקומען אויפֿן האַנט
די נייטיקע פּאַפּירן.
איך קום צו גייך צום אינטענדאַנט,
ער זאָל מיך עקיפּירן.
ער טוט אַ מעסט מיך אויפֿן שטעל,
און ס׳קלינגט זײַן שטים, ווי אַ באַפעל, —
— אַנו־קאַ וואַרף אַראָפּ פֿון זיך
די הויט, דעם אָנצוג און די שיך!

פֿון אַלדאַסגוטס באַם אינטענדאַנט
אין שפּײַכלער קענסט געפֿינען.
ער טוט מיך אָן דאָ אין געוואַנט,
אין סקריפּענדיקע רימענס.
ס׳איז דער שינעל מיר אַקוראַט,
געשטעפּט מיט שטאַרקע פֿאָדעם.
כ׳דערפֿיל זיך גלײַך פֿאַר אַ סאָלדאַט
אין די סאָלדאַטסקע בגאָדים.

דער וועג אויף מאָסקווע איז פֿאַרשטאָפּט,
אָן אויפֿהער טאַנקען פֿויזען.

אין וויאזמע זעגן איך זיך אָפּ
מיט מײַן ציווילן אויסזען.
א צוקער־שטריקל איך געפין, —
אינצווייען כ׳נעם — ניט זײַן זאָל דין,
און איך פארפאקעווע אפגיך
מײַן הוט, מײַן אָנצוג און די שיך.

איך נעץ דעם בלײַער מיט דער צונג, —
דעם אדרעס טו איך שרײַבן.
מײַן פרוי, וואָס איז נאָך אזוי יונג,
דאָס פעקל זאָל כאָטש בלײַבן.
און אויב ס׳וועט זײַן איר גרויס די נויט,
איז מיט א הארץ א ריינעם
פארקויפן זאָל זי עס אף ברויט,
אף מילך דעם קינד דעם קליינעם.

און ס׳האָט מײַן הארץ צו יעדער אָס
פון אדרעס צוגעזאָגט.
א קאָל צעהילכט זיך, ווי א שאָס:
„פּאָסטראָיִטסא ק פּאָכאָדו!״
עס רײַסן באָמבעס דעם וואָקזאל,
איך ווארף אוועק אהינטער שטאל,
ווו ס׳איז געשטאנען אונדזער קיך,
די הוט, דעם אָנצוג און די שיך.

אף אייביק האָב איך פארגעדענקט
דעם זומער איין און פערציק.
אין בלוט האָט זיך די ערד געשווענקט,
דער הימל האָט געקערט זיך.
ס׳איז שווער געוועזן דעם סאָלדאט,

אוי, שווער! אין טעג אין יענע
פון מײַניקע כ׳האָב ניט געהאט
קיין אײַנגעטונקטע פּענע.

ס׳האָט די מילכאָמע מיט איר שווערד
זיך צווישן אונדז פאַרשניטן...
אהיים האָט דער זיך אומגעקערט,
וואָס האָט איר שאַרף געמיטן.
...עס שפּילט מײַן קינד זיך אַפן שוועל,
די פרוי — זי רייניקט מײַן שינעל,
דערנאָך — זי ברענגט מיר אומגעריכט
מײַן הוט, מײַן אָנצוג און די שיך.

און אָט — געבליבן בין איך שטיין,
די אויגן ברייט צעעפנט!
דאָס פּעקל זאָל אהער דערגיין, —
ווי האָט געקענט עס טרעפן?
ניט אנדערש, ס׳איז געשען א נעס,
כאָטש כ׳גלייב ניט אין קיין ניסים.
דער סוינע האָט אין איין מעסלעס
די וועגן אופגעריסן.

עס האָט צעשאָטן זיך די שטאָט,
געברענט פון אלע עקן.
געבענטשט זאָל זײַן די האנט, וואָס האָט
געראטעוועט מײַן פּעקל...
איך בין אוועק אין ערשטער שלאכט,
און ווער האָט דעמלט דען געטראכט,
אז אָנטאָן אף צוריק וועל איך
די הוט, דעם אָנצוג און די שיך.

# מײַן רוסישע שפּראַך

זאָגסט מיר, אַז עס הינקט מײַן רוסיש, —
וואָס זשע איז אין דעם דער כידעש? —
ווײַלע פּאַקטיש און יורידיש
איז מײַן מוטערשפּראַך דאָך ייִדיש.

ס׳קאָן מיט מיר אַמאָל פּאַרלויפֿן,
כ׳זאָל דעם טראָפּ ניט ריכטיק שטעלן,
ס׳קאָן אַמאָל אַ וואָרט מיר פֿעלן
אין די רייד ארײַנצושטעלן.

ס׳טרעפֿט, אַ פּראָזע נעם איך בויען, —
כ׳טראַכט אָף ייִדיש דאָך קעסיידער,
איז אין איר באַקומט זיך, לײדער,
גאָר אַן אַנדער ווערטער־סיידער.

נאָר דו וועסט ניט פּרוּוון זאָגן,
אַז די שפּראַך איז מיר אַ פֿרעמדע.
זי איז נאָענט, ווי דאָס העמד מיר
צו מײַן לײַב, זי איז ניט פֿרעמד מיר!

זי איז נאָענט, ווי די וואָלגע,
אָט דער טײַך פון אַלע טײַכן,
וואָס דורך רוסלאַנד טוט ער שלײַכן,
זוכנדיק א וועג א גלײַכן.

ווי מײַן אָטעם כ׳דאַרף זי האָבן,
ווי פון קאָרן־ברויט דעם ביסן,
ווי מײַן אייגענעם געוויסן,
ווי פון פּושקין־פּערז דאָס פליסן.

אָן דער שפּראַך וואָלט דאָך מײַן פרײַנטשאַפט
קאָנען ווערן אויסגעלאָשן,
ווען איך טרעף אָט דעם, לעמאָשל,
וואָס ער רעדט ניט אף מײַן לאָשן.

מיט דער שפּראַך אין רויך, אין פײַער,
אין די וועלדער די וואלדײַער,
אף דעם דניעפּערס הויכע ברעגן
דורכגעווייקט פון שניי און רעגן
כ׳בין מיט ביקס אין האנט געלעגן.

זאָגסטו, אז עס הינקט מײַן רוסיש!..
בלויז אין קלייניקײַטן גייט עס,
רוסיש איז מײַן וועלט מײַן ברייטע,
ס׳איז מײַן מוטערשפּראַך מײַן צווייטע.

# אף דער ליכטיקער וועלט

דער זיידעניו האָט אָנגעטאָן די וואָליקעס
און זיך פון שטוב ארויסגעשארט פאוואָלינקע.

עס האָט די קיילעכיקע זון די גלייִקע
באגאָסן אים מיט זילבער אינדערפרייִקן.

ער זעצט זיך אף דער פריזבע אף דער ערדענער,
אף ארויף פארווארפנדיק דאָס בערדעלע.

ס'בלענדן די שפאקולן אים די בלעכענע —
מיט דער האנט געמאכט האָט ער א דעכעלע.

אָט־אָ פלייִען אין דעם הימל ווינקלדיק
ווילדע ענטלעך מיט די פליגלען פינקלענדיק.

בלאָווע רויכן פון די קוימענס ציִען זיך,
בויער אף די נייַע קראָקוועס מייִען זיך.

באם פארברענטן טאנק, ווו ס'הענגען ווינדעלעך,
שארט די קוואָקע זיך מיט אירע הינדעלעך.

אױף אַ לײַסטל אױף אַן אָפּגערײניקטן
פֿונעם גאַנעק רײַט אַראָפּ זײַן אײניקל.

אין אַ גרינער קאַסקע אַ סאָלדאַטישער, —
ס'האָט פֿון פּראָגנט זיך אומגעקערט דער טאַטע שוין.

אַ פּאַרטיפּטער אין מאַכשאָװעס װיכטיקע,
קוקט דער אַלטער אױף דער װעלט דער ליכטיקער.

• • •

און ווידער זינגט דער אינדערפֿרי דער בלויער
פֿון דעם פּאַסטעכס בערעסטענעם פֿײַפֿל,
און ס׳לאָזט אַרויס אַ נײַ־געשניצטער טויער
שעפּעלעך געקרײַזלטע אַ הײַפֿל.

און ווידער שטייט דער טאָפּאָל אינעם שאָטן,
פֿול מיט ראָסע, ווי אַ גרינער בעכער,
און ס׳האָבן טויבן זיך אַרויסגעשאָטן
פֿון אונטער דער באַגינענדיקער סטרעכע.

און ס׳ברענען ווידער גאָלדענע די שויבן
אויף דער זון, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען,
און ס׳האָט זיך פֿון די קוימענס אויפֿגעהויבן
דין אַ רויך — דעם הימל צו דערלאַנגען.

און ס׳עטעמט פֿרײַ דאָס גרעזעלע דאָס קלענסטע, —
קיין גראָבנס אויפֿן גרינעם פֿליין ניטאָ מער.
אַ ליכטיק פּענעמל צעשמייכלט זיך אין פֿענצטער, —
סע ווייסט ניט, אַז געווען איז אַ מילכאָמע.

## מייַן סאָלדאטסקער גראָבייַזן

מייַן סאָלדאטסקער גראָבייַזן מיטן קורצן הענטל
האָט מיר אָפּגעראטעוועט דאָס לעבן, קען מען זאָגן.
כ׳בין אזוי צופרידן, וואָס פארהיטן כ׳האָב געקענט אים, —
כ׳האָב פון דער מילכאָמע אים אהיים געבראכט צו טראָגן.

ווו איז ער נאָר ניט אויסגעוועזן מיט מיר — אין רויך און פייַער...
ער האָט געגראָבן בערגלעך ערד, קעדיי מיך צו פארשטעלן.
די קינדערלעך, די שכיינים מייַנע, איז ער שטארק געפעלן,
געקומען זייַנען זיי צו מיר און בעטן אים אנטלייַען.

— אוי, קינדערלעך, קונדייסימלעך, איר דארפט אים זייער האָבן?
— מיר דארפן, — זאָגן זיי, — קעדיי א גריבל אויסצוגראָבן.

— א גריבל? נו, און ווייַטער וואָס? דערציילט מיר אויס אינגאנצן.
— א גריבל, — זאָגן זיי, — קעדיי א בוים אין אים פארפלאנצן.

— מיר וועלן, — זאָגן זיי, — פון בוים די וואָרצלען ניט
צעהאקן, —
אז יעדער עפּל האָבן זאָל א רייעך א געשמאקן,
אז יעדער עפּל אפן בוים זאָל האָבן רויטע באקן, —
אז ״יעדער״ און אז ״יעדער״, און אוועק איז א געפילדער!

— אוי, קינדערלעך, קונדייסימלעך, איר זײַט דאָך ניט קיין ווילדע,
וואָס טומלט איר, נו, שטילער ווערט, איר האָט דאָך מיך
פארמאטערט!
אָט האָט איר אײַך דעם גראָבײַזן און גייט, ניט מאכט קיין שׂיעס.

צי ווייסן זיי, ווי כ׳האָב מיט אים געגראָבן די טראנשייעס,
און וויפל וואָרצלען אין די סעדער כ׳האָב מיט אים צעפּאטערט.

## פלאטפוס

א לעבן לאנג איך גיי ארום צופּוס.
ווּ זײַנען מײַנע פּיס נאָר ניט געוועזן?
געקלעטערט אפן שיפּוי פון עלבּרוס,
פון קורסק דערגאַנגען אזש צו נידערשלעזן.

געקנאָטן האָבן זיי אי קויט, אי שניי,
געטראָטן איבער ברענענדיקן קאָרן,
געמאָסטן ווי א שליאַך, ווי א שאָסיי:
מיט וועגן איז מען, דאַנקען גאָט, באַוואָרנט.

ס׳פלעגט אָפּרוען זיי אויסקומען ניט לאַנג —
אין א בלינדאַזש צי ערגעץ בא א שײַטער.
פאַר מײַנע פּיס מיר טוט ביז הײַנט נאָך באַנק:
זיך נאָרוואָס צוגעזעצט — זיי דאַרפן גיין שוין ווײַטער.

נאָך אַדהאַיאָם איך טײַנע מיט זיי אײַן:
ניט פוילן זיך — אין גאַנג, אין גאַנג זײַן שטענדיק,
אַז וואָס עס זאָל ניט טרעפן און ניט זײַן,
קאָלזמאַן דײַן וועג, ער האָט זיך ניט געענדיקט.

נאָר שוועדלעך וועדט אַרומצוגיין אַ סאַך, —
זיך אָנגעגאַנגען, וואָס איז דאָ צו רעדן!
די פוס־לעפּלעך געוואָרן זײַנען פלאַך,
דאָס רופט זיך „פלאַטפוס“ בא די אָרטאָפּעדן.

ניט שטענדיק האָבן צוגן מיך געפירט,
אין אויטאָס פאָרן איז ניט זויכע יעדער,
עס ווערן ניט נאָר פיס אַמאָרטיזירט,
עס ווערן אָפּגענוצט אפילע רעדער.

זיך רײַבן אָפּ די קאַפּיטעס באַם פערד,
עס ווערן אָפּגעטעמפּט באַם לייב די נעגל,
נאָר אַלע ווילן אומגיין אַף דער ערד,
און אַלע זײַנען שטענדיק אונטערוועגנס.

## קיין טשעבאָקסארי

מײַן מילכאָמע־כאַווער — דעם פאָלקס־דיכטער
פון טשוּוואַשיע פּעדער כוזאַנגײַען.

קיין טשעבאָקסארי כ׳דארף צו כוזאַנגײַען,
דורכצוריידן זיך מיט אים איז א מעכײַע.

איך וועל אים זאָגן: גוטערברודער פּעדער,
לייג אוועק א רעגעלע דײַן פּעדער.

ניט פארגעסן האָסטו, כ׳וועל אים פרעגן,
יענע גרויזאמע מילכאָמע־וועגן?

יענע אויסגעברענטע ערד פון פוילן,
וווּ צונויפגעפירט האָט אונדז דער גוירל?

דו געדענקסט, כ׳וועל פּרוּוון אים דערמאָנען,
די פארקוילטע פערעמישליער קליאָנען,

די געטייטע שטעטלעך אפן ווײַסל,
ווי זיי פלעגן אונדז דאָס הארץ צערײַסן!

די צערויבטע דערפער און די כוטאָרס,
ווי ס'וואָלט דאָרט געהוליעט דער ניטגוטער!

אייביק וועלן בלײַבן אין זיקאָרן
די פארברענטע טאנקען אינעם קאָרן.

די איין־און־אכציקסטע דיוויזיע פון מארטירער,
דער „פלאצדארם פון טויט" דער סאנדאָמירער,

אווו מיט בלוט עס האָבן זיך באוואשן
רוסן, ייִדן, טאָטערן, טשוואשן.

אונדזער אוקראַיִנער פראָנט דער דריטער
איז בא סאנדאָמיר געוואָרן שיטער...

אף א האָר דאָס לעבן איז געהאנגען,
נאָר אין פײַער זײַנען מיר געגאנגען,

צוויי סאָלדאטן — איך און דו, — צוויי דיכטער,
ס'איז פאָרויס געגאנגען די געשיכטע.

וועגן דעם דערציילן מײַנע לידער.
כ'לייג זיי אפן שרײַבטיש אים אנידער.

ס'דוכט, איך הער, ער זאָגט: „ס'איז מיר געפעלן,
לייען איבער נאָכאמאָל די שטעלן,

וואָס דערמאָנען אונדז די אלטע וווּנדן,
וואָס אף אייביק האָבן אונדז פארבונדן.

גיב מיר אָט די לידער, זיאמע ליבער,
אף טשוואַשיש זעץ איך דיר זיי איבער".

## צאר־באלעכאים

כ׳בין אף מײַן לעבן ניט געווען קיין יעגער,
קיין יעגער־ביקס אין האנט כ׳האָב ניט געהאלטן,
קיין יעגער־הונט כ׳האָב ניט געהאט, וואָס זאָל צעשפאלטן
די רו באם אופוועקן דעם בער פון זײַן געלעגער
פון אונטער הורבעס שניי אין וואלד אין קאלטן.

אין הויכע שטיוול, גלאנציקע פון ראָסע,
כ׳האָב ניט געשפאנט, ווען ס׳בלייכט זיך די לעוואָנע,
נאָך ווילדע קאטשקעס, ווו דער זומפּ האָט זיך צעגאָסן.
כ׳האָב אף מײַן לעבן ניט אראָפּגעשאָסן
אפילע פון א פלאָקן א וואָראָנע.

אין קילבלעכן באגינען אינעם ראָזן,
ווען ס׳איז דער וואלד דורכויס געווען געפּאקט אזש
מיט וואָס דו ווילסט אליין: מיט וואלדשנעפּן און האָזן —
אהינצו פלעג איך קומען אָן א יאגד־טאש
און אלעמען כ׳פלעג לעבעדיק דאָרט לאָזן.

מיר האָט זיך ניט געמאכט באם שײַטער ליגן
און הערן מײַסעס יעגערשע טשיקאווע,

וואָס זײַנען אָדער גוזמעס, אָדער ליגנס,
כ׳האָב קײנמאָל ניט געהאַט דעם פאַרגעניגן
פון אָפּלײגן א וואָלף אף דער אָבלאווע.

און איך, דער מענטש, וואָס פלעג אף אַלץ זיך בענטשן
(אָט יענע מילדקײַט איז אין מיר ניטאָ מער), —
געהאַרגעט כ׳האָב — באַרעכנט נאָר! — א מענטשן...
דאָס איז געווען הינטער קורסק בײַס דער מילכאָמע.

# „גיי איך מיר ארויס אפן גאנעקל...“

(פון א פאָלקסליד)

ניטאָ שוין מער דאָס גאנעקל,
דאָס שטעטעלע ניטאָ שוין.
די ווערטער פונעם לידעלע,
זיי ווערן אויסגעלאָשן.

און אויך דאָס הארציק ניגנדל
הייבט אָן זיך אויסצוּוועבן, —
דאָס ניגנדל, וואָס כ׳האָב געהערט
קימאט א גאנצן לעבן.

ווער זאָגט עס, אז מע דארף נאָך דעם
אוועקזעצן זיך וויינען?
ס׳איז אייביק פון דעם לידעלע
דאָס פייגעלע דאָס קליינע.

און ניט אזוי דאָס פייגעלע,
פאר וועלכעס איך טו קניִען, —
ווי דאָס, וואָס אין א נײַער ליד
וועט עס אריבערפליִען.

# די באלאדע וועגן דעם האָלץ־זשוקל

דאָס האָלץ־זשוקל, וואָס אין מײַן שרײַבטיש לעבט,
באנאכט פון זײַן באהעלטעניש זיך שלעפּט.

פון לעכעלע אין שופלאָד אפן דעק
דורך די פּאפּירן לייגט עס דורך א וועג.

צום בלאט־שלאָס קריכט עס צו און קוקט אין שפּאלט, —
צי אפן טיש די שײַן פון לאָמפּ ניט פאלט.

מע הערט ניט מער אין צימער מײַן געטופּ,
אין טיפן שלאָף פארזונקען איז די שטוב.

דאָס זשוקעלע שפּאקולעכלעך טוט אָן,
וואָס אין דער פינצטער זען דורך זיי מע קאָן.

עס לייענט און עס לייענט אָן א סאָף, —
ביזוואנען כ׳וועל זיך אופכאפּן פון שלאָף.

פון פרישן טינט זיך טראָגט א זיסער טשאד,
פארפרעסט איז א קסאוויאד צו א קסאוויאד.

עס קומען צו אלץ נײַע — מער און מער...
ס׳איז אים מײַן קסאוו פאנאנדערקלײַבן שווער.

און ס׳טאָטשעט אים א ביטערער פארדראָס, —
ער האלט די גאנצע צײַט באם ערשטן אָס...

פארטאָג. איך גיי צום טיש. צינד אָן די ליכט.
אין זײַן באהעלטעניש צוריק דאָס זשוקל קריכט.

# אָן קאשעס

די ארבל פארקאשערט —
צי מיד, צי ניט מיד,
איך פרעג ניט קיין קאשעס —
מע דארף עס צי ניט, —
איך שמיד זי און שמיד,
און שמיד זי, מײַן ליד.

קענסט צווינגען ניט בלאָזן
דעם ווינט אפן פליין,

זײַן אָרט זאָל פארלאָזן
דער אקשן דער שטיין,

דעם רעגן ניט לאָזן,
ווען ס׳ווילט זיך אים גיין?

## צו דער בין

א הונגעריקע בין זיך שלאָגט און שלאָגט אין שויב,
די שויב די אָנגעשפּאָלטענע אזש ציטערט...
די קעפּלעך פון די קווייטן זײַנען ביטער —
אראָפּגעבלאָזן איז דער זיסער שטויב.

אין בינשטאָק איז ניטאָ קיין האָניק מער,
זאָל בלײַבן כאָטש א טראָפּעלע א קנאַפּע, —
ארויסגעשקראָבעט האָט פון אים א בער
דעם גאנצן האָניק מיט דער קרומער לאַפּע.

און מיט דער צונג אָף טרוקן אויסגעלעקט
ווו נאָר א ווינקעלע. דעם דנאָ צעבראָכן.
ער איז אין בינשטאָק מיטן קאָפּ ארײַנגעקראָכן,
דאָס בײַסן פון די בינען אים ניט שרעקט.

ס'איז פונעם וואקס זײַן פּיסק געוואָרן געל,
נאָר פון דעם זאטן מאָלצײַט איז ער קאָנטעט.
א גויסעסדיקע אין זײַן ברוינער פעל
האָט זיך אליין די בין־מוטער פארפּלאָנטערט.

צעפֿלויגן זיך די בינען ווער וווהין,
געטריבענע פֿון אָסיענדיקע ווינטן,
ס׳איז צו מײַן שויב געקומען אָט די בין,
וואָס ווייסט ניט, ווו זי זאָל זיך איצט אהינטאָן.

איז וואָס ביסטו פֿארפֿלויגן גראָד צו מיר,
אז דיר ארויסהעלפֿן, מײַן טײַערע, איך קאָן ניט?
דו זעסט דען ניט, אז כ׳לעק איצט ניט קיין האָניק,
און ס׳איז געַנוג מיר ביטער, פּונקט ווי דיר.

• • •

ס'איז עפּעס ניט גלאַט
אױף דער װעלט. דו באַרעכן:
צװײ װאָכן אין שװאַט —
און עס טריפט פון דער סטרעכע.

װאָס איז ער, דער װעטער,
אַראָפּ פונעם זינען?
עס קאָנען די בלעטער
באַלד אָנהײבן גרינען.

דער װעטער מוז װיסן,
ער איז ניט מעשוגע, —
צװײ װאָכן אין ניסן
געװען איז א װיוגע
בא מיר אפן הארצן...

# די הארבע וואָר

ווען סאָפּקאָלסאָף
עס קומט צו גיין דער שלאָף
און רייסט ארויס פון דעם הו־הא דיין זינען, —
הייבט דעמלט אָן גאָר פון אן אנדער שטאָף
אן אנדער וועלט פאר דיר זיך אויסצושפּינען,
אין וועלכער קענסט קיין רו אויך ניט געפינען.

נאכט־איין, נאכט־אויס,
ווי כ'וואָלט אין שלאכט ארויס,
אלץ ארום מיר פארהילט אין שווערן רויך איז,
דער שפּיץ פון בארג אזוי מעשונע הויך איז,
נאָר ווי סיזיף, איך קייקל אלץ פאָרויס
מיין שטיין און שלאָג ארויס זיך פון די קויכעס.

פאר מיר דער שלאָף
גאנץ אָפט איז ווי א שטראָף,
פונקט ווי אָן רעדער שלעפּן כ'וואָלט א וואָגן...
נאָר אָט איז צו דער שווערער נאכט א סאָף,
און ס'ברענגט דער טאָג די הארבע וואָר צו טראָגן,
וווּ כ'קען צו עפּעס וואָס זיך יאָ דערשלאָגן.

# דאָס שיפל

ע. כעמינגועיען

האָסט אָפּגעבונדן פונעם סלופּ
דאָ, אױפן פוסטן ברעג, דײַן שיפל,
צום װאַסער־ראַנד געטאָן א שטופּ,
שוין װיפל מאָל אזוי, שוין װיפל...

א כוואַליע האָט ארופגעכאַפּט
די קײלע אױפן הױכן רוקן,
װאָס האָסט אלײן צונױפגעקלאַפּט,
אדורכגעפּעכט איעדעס סוקל.

און ס׳האָט דער װינט געטאָן א פײַף,
מיט זיך דעם ברעג געװאָלט פארשלעפּן.
דעם זעגל אָנגעצױגן שטײַף
האָסטו, קעדײי דעם װינט פארשעפּן.

און קען דען גרעסער זײַן דאָס גליק,
װען ס׳װאַרט דיך אָפּ די אלדי װײַט דאָרט?..
...נאָר ס׳האָט די כװאַליע אױף צוריק
דיך אױפן ברעג ארױסגעשלײַדערט.

א לעבן־לאַנג פֿאַרויס, פֿאַרויס
דו רײַסט זיך פֿונעם ברעג אַנטלויפֿן, —
נאָר אַף צוריק דיך שטויסט און שטויסט,
מיט ווינט נאָר פֿולע דײַנע הויפֿנס.

פֿאַרבונדן ביסטו מיט א קנופּ, —
פּונקט ווי דאָס שיפֿל צו זײַן סלופּ.

# א בעריאָזע מיט א יאָדלע

אז עס זאָלן זײַן צוזאמען
א בעריאָזע מיט א יאָדלע
צוגעטוליעט מיט די שטאמען —
ס׳קומט ארויס א ביסל מאָדנע.

ווער איז וועמען איז פארקאָכט דאָ?
ס׳איז אן ענטפער שווער באקומען.
מיט די צווײַגן דורכגעפלאָכטן
שטייען זיי ארומגענומען.

ווער און וועמען דאָ פארגעטערט?
ביידע קאָנען זיך ניט שיידן.
מיט די נאָדלען, מיט די בלעטער
אויסגעמישט זיך האָבן ביידע,

אז דער פויגל, וואָס אין פרילינג
פלעכט זײַן נעסט אין אָט די צווײַגן,
מיינט, אז ס׳האָט א בוים א צווילינג
פון איין שטאם גענומען שטײַגן.

און דאָס טײַכעלע דאָס קלאָרע,
וואָס עס טוט פֿאַרבײַ דאָ שטראָמען,
מורמלט, אַז בײַ אָט דעם פּאָרל
איז איין גוף און איין נעשאָמע.

בלויז דער מוילוואָרף ווייסט: די וואָרצלען
האַלטן אין דער ערד מילכאָמע.

# פרילינג

מיר זיצט זיך ניט אײַן אין שטוב,
ווי עמעצער וואָלט מיך געשטויסן.
אפגיך פארקעם איך דעם טשוב
און לויף ארויס אין דרויסן.

דער פרילינג די שטאָט האָט פארשוועגקט, —
אומעטום עס שוויבלט און גריבלט.
נאָר מיך, דעם נאר, עפּעס קרענקט,
איך טראָג אינעם הארצן פאריבל —

אף דעם, ווער עס דיכטערשע שטים
ארײַן איז אין מיר אזא רייגע,
נאָר אָבער דער מענטש, וואָס אין אים,
איז גאָר ניט אזא, ווי מיר מיינען.

אף דעם, וואָס ער רעדט אָן א מאָס,
אז ער איז א גוטער, א פרומער,
ווי ס׳קומט נאָר צו עפּעס וואָס, —
איז ווערט ער א טויבער, א שטומער.

אף יענעם, וואָס טיי מיט ציטרין
ער טרינקט מיט די און מיט יענע,

אָזאַ איז — פֿון ערגסטן מין,
ווײַל שווער איז אים גלײַך דערקענען.

אַ קאָל מיטאַמאָל כ׳האָב דערהערט:
הייב אוף דעם קאָפּ דײַנעם העכער!
דאָס אַלץ איז קיין טראָפּן ניט ווערט,
וואָס פֿאַלט אַף דער ערד פֿון דער סטרעכע.

# דער טאָפּאָל־בוים

**א** שטורעמווינט — א גאזלען אָן געוויסן
האָט א טאָפּאָל פון דער ערד ארויסגעריסן.

צי ווייל דער בוים איז אים אין וועג געשטאנען,
צי ווייל דעם בוים איז ער געווען מעקאנע,

וואָס א פארפלאנצטער איז ער אינעם באָדן —
און איז מיט ליכטיקייט און שאָטן אָנגעלאָדן.

און ער, דער שטורעמווינט, דארף טראָגן זיך אָן אָטעם,
און כוץ זיין נאקעטקייט וואָס נאָך געשענקט האָט גאָט אים?

איז האָט ער זיך א לאָז געטאָן צום קאָרבן —
און אלץ, וואָס האָט זיך אים געגלוסט, דערוואָרבן.

...און אָט איז שוין די קרוין פון בוים צעשמעטערט, —
פון איר געוואָרן איז א קופּע בלעטער.

דער שלאנקער שטאם זיין שווונג האָט אָנגעוואָרן, —
עס איז פון אים א בערוועגע געוואָרן.

די וואָרצלען אָפּגעהאקט און אָפּגעריסן, —
זאָל קיינער פון אזא מין בראָך ניט וויסן...

...צו אָט דעם טויטן בוים בין איך געקומען, —
א צווײַג אן אָפּגעבראָכענע גענומען.

זי האָט זיך נאָך געהאלטן בייס דער צאָרע
אף א פאסיקל א דינעם פון דער קאָרע.

און ווי זי איז — א נאקעטע אינגאנצן,
האָב איך זי אין דער ערד געטאָן פארפלאנצן.

צום הימל האָט די צווײַג גענומען שטײַגן, —
געוואָרן איז פון איר א בוים מיט צווײַגן...

## א פארלאנג

װען אױף דער ערד כ׳װעל קראַכנדיק אַ פֿאַל טאָן,
פֿאַרשניטן פֿון אַ בליץ אַן אומגעריכטן, —
טאָ זאָל מען מיך אונטער אַ בוים באַהאַלטן,
אין זײַן געפֿלעכט פֿון װאָרצלען דעם געדיכטן.

עס װעט די ערד, װוּ איך װעל זײַן פֿאַרקנאָטן
אױף אײביק דרײַ, ניט קאָנען מיך פֿאַרטױבן,
כ׳װעל דורך די װאָרצלען הערן, װי דורך דראָטן,
װאָס טוט זיך דאָרטן אױף דער ערד פֿון אױבן.

## זיך אויסגעטאָן און אָנגעטאָן

ווען אויסגעטאָן איך וואָלט זיך פון דער וועלט
און אָנגעטאָן איך וואָלט א טויבע היטל, —
איז וואָלט מיר דעמלט גאָרנישט ניט געפעלט,
ס'וואָלט גאָרנישט ניט ארויסרופן מײַן ביטל.

נאָר זײַ א בעריע, אַף דער וועלט זוך אָפּ
א קירזשנער, וואָס זאָל טויבע היטלען נייען.
און, ווי א העמד, די וועלט איבערן קאָפּ
ניט אויסטאָן וועסטו, ווי זאָלסט זיך ניט דרייען.

## װעגן פּעך

װען כ׳האָב געהערט צום בלעכער־צעך,
געהאַט צו טאָן האָב איך מיט בלעך,
מײַן קאָפּ געװוען איז שװאַרץ, װי פּעך, —
ס׳איז ניט קײן באַבעמײַסע.

איך האָב שױן ניט צו טאָן מיט בלעך,
אַרײַן כ׳בין אינעם שרײַבער־צעך,
מײַן קאָפּ נאָך איצטער איז װי פּעך,
ניט שװאַרצע פּעך, נאָר װײַסע.

ס׳קען זײַן פֿאַר אײניקע א נײַס,
נאָר פּעך קען זײַן סײַ שװאַרץ, סײַ װײַס.

# מײַן מוזע

אזאָג געטאָן כ׳האָב איינמאָל צו מײַן מוזע:
„דו לייג זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם״.

דערהערנדיק פון מיר אזוינע ווערטער,
פארוואונדערט איז געוואָרן מײַן באשערטע
און אָנגערופן זיך א טיף־פארקלערטע:

„ווי קען מען, זאָגט זי, גלײַכגילטיק פארבײַגיין,
ווען ס׳פאלט אראָפּ א פייגעלע פון צווײַגל...

ס׳נעמט ווײנען אף דער ערד איעדעס גרעזל,
ווען ס׳טוט א פאל אראָפּ אזא מין וועזן...

באם הארצן גלײַך דערוואַרעמען מע מוז אים!
וואָס הייסט, ניט לייג קיין פייגעלעך אין בוזעם?!״

## צו זינגען און צו זאָגן

שטייט צו דאָס פערד — אַליין נאָר גאָט
א שטופּ טאָן קאָן דעם וואָגן.
דער באַלעגאָלע דעמלט האָט
צו זינגען און צו זאָגן.

כאָטש זאָגן האָט ער שוין פאַרשפּאָרט,
און ס׳זינגט זיך אים ניט — כ׳לעבן...
...עס טרעפט, אַז דער פּעגאַס פון אָרט
זיך וויל קיין ריר ניט געבן.

עס בלײַבט פאַרהריזנעט אין דער מיט
דער דיכטערישער וואָגן, —
ווײַל זיי, די לידער, טויגן ניט
צום זינגען און צום זאָגן.

# דער וואטערפּאס

מע וואַרפט מיר אויס, אַז אַלצדינג טו איך קרום, —
דערפאַר אַ גוטן כײַלעק איך באַקום.

ווען אַלצדינג, וואָס איך טו, געטאָן כ'וואָלט גלײַך, —
וואָלט לעבן אַף דער וועלט געווען מיר לײַכט.

נאָר זאָגט מיר, כ'בעט אײַך זייער, ווער עס ווייסט, —
וואָס הייסט עס קרום בא אײַך און גלײַך וואָס הייסט?

און דאָ גראָד שווײַגן האָט זיך אײַך פאַרוואָלט...
איר טראַכט דערבײַ: נו יאָ, ס'איז יענער יאָלד! —

ס'וועט אויסקומען, איך זאָג עס אָן אַ שפּאַס,
אַנטלײַען ווו־עס־איז אַ וואַטערפּאַס.

דאָס בלעזל, וואָס אין גלעזל לויפט אַרום,
וועט ווײַזן מיר, ווו גלײַך איז און ווו קרום.

## פון א וואָרט א קוואָרט

הערט איר, ווען איך וואָלט געקענט
מאכן פון א וואָרט א קוואָרט, —
כ׳וואָלט ניט זשאלעווען די הענט,
לידער שרײַבן כ׳וואָלט פארשפּאָרט.

ס׳איז א קוואָרט דאָך א געשיר,
קענסט זי נעמען מיט דער האנט,
וואסער אָנשעפּן ביז ראנד
און זיך אָנטרינקען פון איר.

קווערט איז דאָ פון יעדן מין
אויסגעצאצקעוועטע פּײַן:
ניקלירט, ווי שפּיגל־שײַן,
עמאלירט — סײַ ווײַס, סײַ גרין.

זען איז מיר געווען באשערט
קופּער־קווערט מיט הענטלעך צוויי,
אָט די נעגל־וואסער־קווערט —
מע באנוצט שוין מער ניט זיי.

עפשער יענער איז גערעכט,
ווער עס זאָגט, אַז דער געברויך
איז פון קיילים זייער הויך,
און איך וואָלט געמאַכט ניט שלעכט.

כ׳וואָלט פון אַלץ זיך אויסגעלאַכט, —
פון אַ וואָרט אַ קוואָרט געמאַכט,
פון קיין לידער ניט געטראַכט,
רויִק שלאָפן כ׳וואָלט באַנאַכט.

נאָר מיט מיר איז פונקט פאַרקערט —
איך בין דאָך אַ דיכטער פאָרט,
מאַכט זיך מיר אַ קוואָרט, איר הערט?
מאַך איך פון דער קוואָרט אַ וואָרט!

# וועגן א געבאקטער ציבעלע

ווער האָט אזא מין ווערטל אויסגעקלערט:
„ס׳איז קיין געבאקטע ציבעלע ניט ווערט“.

ווען ס׳ווערט בא דיר אונטערן אָרעם רויט
אינמיטנדרינען פון דער העלער הויט,

צי ס׳ווערט א מאקע פלוצעם אפן קארק —
ס׳וואקסט אויס אף אים א גוליע, ווי א בארג,

אז קריכן קריכסטו אף די גלייַכע ווענט,
ווי מיט אן אייַזן וואָלט מען דיך געברענט, —

נעם א געבאקטע ציבעלע לייג צו —
און דער געשוויר וועט לאָזן דיך צורו.

ס׳האָט אָט די ציבעלע דאָס ווערט פון גאָלד.
אָט דאָס איז אלץ, וואָס זאָגן כ׳האָב געוואָלט.

אייַ דאָס, וואָס ס׳איז דאָס ווערטל פונקט פארקערט, —
איז קיין געבאקטע ציבעלע ניט ווערט.

## וואָס שטעקט דאָ פאַר א מיין

עס קלינגט דאָס ווערטל זייער שיין:
„ער איז א הונט מיט אויערן!"
וואָס שטעקט אין דעם דאָ פאַר א מיין, —
דאָס טוט מיַין מויעך בויערן.

וואָסי, ס'האָט עמעצער געזען —
א הונט זאָל זיַין אָן אויערן?
ס'איז עפשער ווען אזא געווען, —
איך ווייס ניט, צום באדויערן.

# יאקעקע־יאבעבע

װען ס׳פֿלעגט מיך דער רעבע
די סעדרע פֿארהערן
און ס׳פֿלעגט זיך מײַן צונג,
װי א בערװענע קערן, —
איז פֿלעגט ער דערלאנגען
א פּראשק מיר א שװערן:
לעמײַ, װי דער שטאָט־באָק,
איך עקע און בעקע
און ראק איך פֿארקריך
מיט דער צונג קײן יאקעקע.

דערנאָך אפֿן צימבל
פֿלעגט נעמען דער טאטע, —
פֿארװאָס כ׳האָב געמאכט
פֿון מײַן היטל א שמאטע.
— ניט קוק, — פֿלעגט ער שרײַען
אף מיר, — טאמעװאטע!
װײַזט אויס, אז די טוירע,
װאָס ס׳גיט דיר דײַן רעבע, —

איז נאָר אף דערקלײַבן זיך
ביז צו יאבעבע...

ערשט דעמלט מיט לאָשן
ארויס פלעגט די מאמע —
און ווינטשן די סאָנים
א לעבן אזא מין, —
ס'איז שלעכט איר געווען
אפן הארצן מיסטאמע.
א קיילעך פלעגט כאפן
סײַ איך, סײַ דער רעבע,
(א שפּרונג — פון יאקעקע
אזש ביז צו יאבעבע!..)

איך ווייס, ווו איז מעקע,
אדיס־אבעבע, —
נאָר ווו איז יאקעקע,
און ווו איז יאבעבע?
אין וועלכער מעלוכע,
אין וועלכער מעדינע
באדארף מען זיי זוכן
אף ניט צו געפינען?

## דער דריטער גראַמאַטישער מין

איך בין אין דער ליטע געבאָרן, —
איז בין איך אַ ליטוואַק, איך בין!
כ׳וואָלט אויסלעבן גליקלעך די יאָרן,
ווען ס׳וואָלט מיך אַזוי ניט דערצאָרנט
דער דריטער גראַמאַטישער מין.

ער האָט ביז טויט מיך פֿאַרמאַטערט,
אים אָפּשאַפֿן וואָלט ניט געשאַט.
מיט אים האָט מײַן מאַמע און טאַטע
קיין מאַגע־אומאַסע געהאַט.

פֿון זיי ניט געקענט כ׳האָב אים הערן,
ער וואָלט זיי געקיצלט אין שלונג,
בײַ זיי וואָלט דער צונג זיך ניט קערן,
דער שווערער ליטוואַקישער צונג.

ניט קלאָר איז געווען זיי דער סייכל:
וואָס דאַרף מען אים האָבן? אויף וואָס?
אַרויסרופֿן פֿלעגט נאָר אַ שמייכל
בײַ זיי אָט דער דאָזיקער „דאָס“.

„דאָס ייִנגל“, „דאָס מיידל“,
„דאָס ווײַבל“, „דאָס פערד“, —
ווער האָט עס א ריידן
אזא מין געהערט?

אן „ער“ איז א „דאָס“,
א „זי“ איז א „דאָס“,
מע דארף דאָך, פונדעסטוועגן,
וויסן די מאָס.

א מיידל, אשטייגער, זאָל בלײַבן
באַם אייגענעם מין — איר נאדאן, —
דארף ווערן דאָס מיידל א ווײַבל,
דערנאָך זאָל דער מאן זי פארטרײַבן,
צי שטארבן בא איר זאָל דער מאן.

דאן ווערט: „די אלמאָנע“, „די גרושע“ —
דער צווייטער נאטירלעכער מין.
א לאָשן אף כידעש־כידושים,
מע דרייט עס אהער און אהין!

דאָס זעלבע איז אויכעט: „דאָס ייִנגל“,
דעם מין זײַנעם קריגט ער נאָר דאן,
ווען ס'ווערט אָט דאָס דאָזיקע ייִנגל
א באָכער, א כאָסן, א מאן.

דאן הייסט ער: „דער באָכער“, „דער כאָסן“,
„דער מאן“ — דאָס איז ריכטיק, ווי גאָלד.
נאָר וואָס עפּעס דארפן מיר „דאָסן“
די ייִנגלעך, וואָס מיר האָבן האָלט?

אזוינע און ענלעכע טײַנעס
מײַן טאטע ט׳געהאט אָן א שיר.
— דו ביסט דאָך, מײַן קאדעש מײַן פײַנער,
א שרײַבער געוואָרן בא מיר.

א יִדישער שרײַבער פון גראמען,
מע זאָגט, אז דו האָסט א טאלאנט,
וועז כ׳לייען די גראמען דער מאמען, —
די אויגן זי ווישט מיט דער האנט.

וועז ווײַט פון דער היים האָסט געטריקנט, —
געוואָלט האָסטו זײַן א פּאָעט,
איז פלעגט זי דיר גאָמלקעס שיקן,
פארדרייטע אין היימישע גרעט.

דו האָסט דאָרטן, זאָגסטו, געלערנט,
גראמאטיקע האָסטו געקנעלט.
פארוואָס זאָל מען אים ניט פארווערן,
דעם דאָזיקן „דאָס״ אף דער וועלט? —

...מײַן יִדישע שפּראַך מײַן געשעצטע,
דו רעדסט צו מײַן הארצן א סאך!
איך האָב באם פּראָפעסאָר זארעצקי[1]
געלערנט די יִדישע שפּראַך.

כ׳דערמאָן אים מיט יִראס־האקאָוועד,
דעם ליבן און טײַערן מענטש,

[1] דער באוווסטער יִדישער געלערנטער פילאָלאָג פּראָפעסאָר זארעצקי איז באהאלטן אפן קורסקער בעסוילעם.

ער האָט אונדזער לאָשן געכאָוועט,
זײַן נאָמען זאָל ווערן געבענטשט.

איך ווייס זיי, די בייזע זאווייען,
וואָס אומגעבראכט איז ער דורך זיי.
ס׳פארגייען זיך די סאָלאָווייען
אף קורסקער בעסוילעם פון ווײ.

דער וויטעק וועט בלײַבן א וויטעק,
פון דעם איז צו ריידן פארשפּאָרט.
נאָר איינס איז אונדז נויטיק צי נייטיק,
זאָל בלײַבן דער וואָרט צי דאָס וואָרט.

צו מיר איז דערגאנגען דער איקער —
פון יִדישן לאָשן דער זין,
כאָטש כ׳טו זיך נאָך אלץ ספּאָטיקען
אין דריטן גראמאטישן מין.

אז כ׳בין אין דער ליטע געבאָרן,
כ׳פיל אנדערש פון ווערטער דעם ווערט...
פארוואָס זאָל מען זאָגן ניט טאָרן
דער יִנגל, די מיידל, דער פערד?

## אף יאפּאָניש

מע זאָגט — אין יאפּאָנישן לאָשן
ניטאָ איז אינגאנצן קיין לאמעד.
גיי זאָג אָן א לאמעד, לעמאָשל,
„שלימאזל“, „לוי־יוצלעך“, „מעלאמעד“.

צי „לאָבוס“, צי „פּליאגע“, צי „פּלוימע“,
צי „ליגנער“, צי „לעקער“, צי „קליקע“,
און הונדערטערווערטער קעדוימע,
אוווּ ס'איז דער לאמעד דער איקער.

א לאמעד זאָל פעלן, איר הערט נאָר!
ווי רעדט מען, באגרײַפן איך קאָן נישט!
צי שוין זשע די דאָזיקע ווערטער,
זיי זײַנען ניטאָ אף יאפּאָניש?

## מײַנע דרײַ און דרײַסיק קרענק

מײַנע דרײַ און דרײַסיק קרענק, און
מערער האָב איך נאָך, אפּאָנעם,
מיט האנאָע כ׳וואָלט צעשענקען
אַלע מײַנע וויסטע סאָנים.

אָפּגעגעבן אָן א פּרוטע
וואָלט איך מײַן היפּערטאָניע,
מײַנע נערוון ווײַט ניט גוטע,
און מײַן אָפּגעשוואכטע ריִע.

אויך מײַן מיִעסן כאראקטער —
זיך פאר קייִגעם ניט צו בוקן,
מײַן פאַרדראָס דער טיף פארבאקטער,
וואָס מע טוט מיך ווייניק דרוקן.

און מײַן טעווע, וואָס איז נישטיק —
כ׳קען ביז איצט זי ניט באגראָבן, —
וואָס עס ווילט זיך מיר אַף פרישטיק
דאפּקע ברויט מיט פּוטער האָבן.

מײַן פאַראַקשנטקײַט, וואָס צווינגט מיך
פײַנט צו האָבן דעם „אינמיטן“,
וואָס ניט אַלע מאָל געלינגט מיר
מיט אַ וואָרט זיך אָפּצוהיטן.

און מײַן ווייטעקדיקן שטומען,
און מײַן אויפֿגעבראַכטן ריידן,
יענע געענג מײַנע די קרומע,
וואָס פֿאַרשאַפֿן ראַכלען ליידן...
נאָר אַ ליד איז ניט פֿון גומי,
זאָל פֿון דעם געענג זײַן ריידן.

ווי געזאָגט שוין — מײַנע קרענק, און
פּונקט ווי יעדערער, אַפּאָנעם,
מיט האַנאָע כ׳וואָלט צעשענקען
אַלע מײַנע ווילסטע סאָנים.

נאָר איין קרענק — אַ קרענק כ׳וועל שענקען, —
ס׳איז די קרענק נאָך דיר צו בענקען!

# פונוואנען קומט עס

פונוואנען קומט צו אונדזער פערד
א שטערן אפן שטערן?
פונוואנען קומט, פונוואנען קומט? —
איז לאָמיר דאָס באקלערן.

צי עפשער האָט עס זיך אמאָל
א כאפּ געטאָן פון דרימל
און מיטאממאָל אראָפּגעכאפּט
א שטערן פונעם הימל.

דאָס קען ניט זײַן, דאָס קען ניט זײַן!
ניטאָ דאָ וואָס צו קלערן, —
מיר ווייסן גוט, אז פערד פון הימל
כאפּן ניט קיין שטערן.

פונוואנען דאָך איז בא דעם פערד
א שטערן אפן שטערן?
צי עפשער ווען פארנאכט ער האָט
גענומען טרינקען פונעם בראָד,
האָט פונעם הימל דעמלט גראָד
א פאל געטאָן א שטערן?

דאָס קען ניט זײַן, דאָס קען ניט זײַן!
ניטאָ דאָ וואָס צו קלערן, —
עס האָט נאָך קיינער ניט געפּאַקט
קיין פאַלנדיקע שטערן.

פונוואַנען פאָרט איז בא דעם פערד
א שטערן אפן שטערן?
א פּראָסטע זאך: ס׳איז אים באשערט
אזוי געבאָרן ווערן.

# אסטיגמאטיזם

איך האָב געהאַט א גלענצנדיקע ריִע, —
פאַר א מײַל פלעג איך דערזען א קנעפל.
נאָר איצטער, וויפל כ'זאָל זיך ניט באַמיִען,
זע איך אַלץ, ווי דורך א גרויען נעפל.

— בין איך געקומען אונטערקלײַבן ברילן —
שוין צײַט, מע האַלט שוין, דאַנקען גאָט, אינמיטן.
— אויגן, — זאָגט דער דאָקטער, — דאַרף מען היטן,
מיט קיין אויגן טאָר מען זיך ניט שפּילן. —

און שטעלט מיר צו אַזא מין סאָרט שפּאַקטיוו,
און נעמט אַרײַנקוקן מיר אין די אויגן טיף.
אין גלעזל האָט געגומען עפּעס צאַפּלען,
און כ'האָב דערזען די אייגענע שוואַרצאַפּלען.

נאָכדעם האָט ער מיר געוויזן אויסיעס
גרעסערע און קלענערע און קליינע.
איך האָב געזען די אויסיעס נאָר די גרויסע,

די אויסיעלעך די קלענערע און קליינע
צונויפגעגאָסן האָבן זיך אינאיינעם.

און יעדער אויג באזונדער האָט באוויזן
די ריִע, וואָס, מישטיינסגעזאָגט, פארמאָגט עס.
— בא אײַך איז, ליבער פרײַנט, אסטיגמאטיזם, —
האָט גלײַכגילטיק א זאָג געטאָן דער דאָקטער.

איך טו א פרעג אים:
— זאָגט נאָר, וואָס באטײַט עס?
— דאָס הייסט, איר זעט ניט גלײַך מיטביידע אויגן.

...און מיטאמאָל איך ווער פון אלץ דערווײַטערט,
ס'איז א געדאנק אין קאָפּ מיר דורכגעפלויגן:

דערפאר עפּשער עס טוט מיט מיר פארלויפן, —
איך זע א לייב ביכווידוי־אוועצמוי,
נאָר ווען כ'באטראכט אים אף אן אנדער אויפן,
דערזע איך, ס'איז קיין לייב ניט, ס'איז א קאץ נאָר!

איין אויג דערזעט א פײַערל א ווײַטן,
וואָס ווײַזט דיר אין דער נאכט דעם וועג דעם גוטן,
דאָס צווייטע — זעט נאָך גאָרנישט ניט לאכלוטן,
ווי זײַן פארצויגן וואָלט עס מיט א הײַטל.

דאָס אויג, וואָס זײַן קורצזיכטיקײַט איז גרעסער,
זעט אלץ פארהויבלט און אין ווייכע פארבן,
דאָס בעסערע — עס שנײַדט, ווי מיט א מעסער,
ווײַל אלץ דערזעט עס קאנטיק און אין קארבן.

— דאָקטער, — זאָג איך, — כ׳האָב שוין גוט באַגריפֿן,
ס׳דערמאָנט מיר אין א מאָשל פון עזאָפּן...
נאָר דאָ האָט ער מיר פונקט געגומען טריפּן
אין די אויגן ברענענדיקע טראָפּנס.

# ווענן ארײַנגײן אינעם עלטער

גרײט בין איך אָן א פּארדראָס
ארײַנגײן אינעם עלטער,
ווען ניט אָט דאָס,
וואָס עפּעס וואָס
אָף צו ארײַנגײן פעלט מיר.

קוידעמקאָל — עס פעלט מיר אויס
דער סוקעוואטער פלאָקן,
מיט וועלכן גייסט אין גאס ארויס,
אויב טאקע ביסט א זאָקן.

צווייטנס — כאָטש כ׳בין גראָוו (מיר שײַנט,
דאָס איז נאָך ניט קיין סימען),
נאָר מיט קיין אייניקל ביז הײַנט
איך קען זיך ניט בארימען.

דריטנס — כ׳זאָג עס אײַך אליין
(דערציילט נאָר ניט מײַן ראָכקען), —
ווען כ׳זע א פרוי, וואָס זי איז שיין,
אין הארצן טוט א טיאָכקע.

פערטנס — אויב שוין יאָ אַרײַן
אין עלטער מיט א גדולע, —
איז וואָלט בא מיר געדאַרפט כאָטש זײַן
אן אופלאגע א פולע.

פינפטנס...
כ׳בין שוין פּאַשעט מיד
צו רעכענען, וואָס פעלט מיר,
הײַנט זעט איר שוין, אז כ׳קען נאָך ניט
אַרײַנגיין אינעם עלטער?

## גאַר אַן אַנדער זאַך

זאָל זײַן אַ פראָסט, זאָל זײַן אַ היץ —
דאָס מעג ניט אָנגיין מיר אָט איצט.

די היץ ניט ברענען זאָל אַזוי,
איז דאָ בא מיר אַ הוט פון שטרוי.

און פונעם פראָסט איך האָב אַ פעלץ,
אַזש כ׳װער אין אים פון היץ צעשמעלצט.

דער הונט — זאָל בילן צו געזונט, —
ער איז דאָך צוליב דעם אַ הונט.

װען נאַקעט־הױל אָן אַ פּאַרװאָס
מע װאַרפט אַרױס דיך אױפן פראָסט,

װען ס׳ברענט די היץ און שלעפּסט זיך מיד
און קײנער גיט קײן טרונק דיר ניט,

און ווען דער הונט זיך גיט א ריס
און טוט דיך ביזן ביין א ביס, —

דאָס איז שוין גאָר אַן אנדער זאך, —
דאַן ווערסטו פילבארער א סאך.

# דער נאָס

פֿון דעם ביטערן פֿאַרדראָס
אזש קיצלען נעמט מיך אין דער נאָז,
איך טו זיך צו דער טיר א לאָז
און לויף ארויס אין דרויסן.

די זון, זי גיט מיך א פֿארגאָס,
און ווי א שאָס האָט זיך א נאָס
פֿון מיר ארויסגעשטויסן.

— צו געזונט!
— צו לאנגע יאָר!
מיר ענטפֿערט אף מײַן ניסן
א דורכגייער, א פֿרעמדער גאָר,
כ'הייב אים ניט אָן צו וויסן.

ער לאכט צו מיר,
צו אים איך לאך,
נו יאָ, איר מעגט זיך לאכן.
א מענטש דארף האָבן דען א סאך?
דו קענסט אים מיט א מינדסטער זאך
א גוטע שטימונג מאכן.

## ראָזקייַט

ניט קלעפּט קיין ראָזע טאַפּעטן,
פאַרהאַנגען ראָזע ניט קויפט,
פון הויכע ראָזע בעטן,
ווי פון ווייַרעך אַנטלויפט.

ניט טראָגט קיין ראָזע פּיזשאַמעס,
אין ראָזע שטעקשיך ניט גייט.
ניט זיצט אין ראָזן סאַמעט, —
אַ פוס אויף אַ פוס פאַרלייגט.

ניט עסט קיין ראָזע קיכלעך —
פון אויבן מיט ראָזן קרעם.
ניט לייענט קיין ראָזע ביכלעך,
וואָס האָבן אַ ראָזן שעם.

ניט קוקט דורך ראָזע ברילן,
ניט זוכט קיין ראָזן גליק.

ניט פּראָוועט, אום גאָטעס ווילן,
קיין פוילע ראָזע שטיק.

ניט טרויערט מיט ראָזן טרויער,
אף ראָזע גליקן ניט האַפּט.
ניט נעמט קיין ראָזע פּרויען, —
איר וועט האָבן א שוואַרצן סאָף.

## פארוואָס זאָגן מיר אזוי

פארוואָס דארף האָניק
ערגער זײַן פון פעך?
אף דעם די גאנצע צײַט
דעם קאָפּ מײַנעם איך ברעך...

אפֿן טאַם, פארשטייט זיך,
זײַנען זיי פארשיידן,
נאָר דאָס ציִען זיך
איז דאָך אלצײנס בא ביידן.

אָט דער געדאנק — ער זשומעט,
ווי א בין, אײנטאָניק
און לאָזט ניט שלאָפֿן מיך קיין נעכט:

פארוואָס מיר זאָגן ניט:
„עס ציט זיך ווי פון האָניק"
און שטענדיק נאָר:
„עס ציט זיך ווי פון פעך".

## מײַן מאזל

מײַן מאזל האלט זיך אף מישקוילעס —
אהער א וויג, אהין א וויג,
אָט אף ארוף זיך הייבט מײַן גליק,
נאָר מײַן שלימאזל גראד ניט פויל איז, —
אים גיט א צי אראָפּ צוריק...

עס שטעלט ארויס די וואָג דאָס צינגל,
ס'האָט ווידער מיר ניט אָפּגעגילט.
און איך דערפיל זיך, ווי א ייִנגל,
וואָס האָט אין מײַלעשקעס פארשפילט.

# „דזשאָן — דאָס קערנדל פון גערשטן"

(ראָבערט בערנס)

אַ פרײַנט האָט מיך פארופן
אין ביר־הויז אפן ראָג.
— קום אויסטרינקען א קופל, —
האָט ער געטאָן א זאָג.

— מיט גרעסטן פארגעניגן! —
מיר לאָזן זיך גאנץ פײַן,
עס פירן אונדז דרײַ שטיגן
אין קעלער־שטוב ארײַן.

א פריילעכער געפילדער
פון אינווייניק זיך הערט,
אָט ווערט ער ווילדער, מילדער,
און ווידער ווילד ער ווערט.

זיך צווישן אמכאָ טויקען
ווי ליב האָב איך, ניט פרעג!
מיר האָבן צו דער סטאָיקע
אדורכגעלייגט א וועג.

א מענטש — דער בויך צעפלאָסן,
מיט א געזונטן קארק, —
האָט יעדן אָנגעגאָסן
א קופל מיט א בארג.

די הויכע קוטשמעס פינע
מיר בלאָזן גלײַך אראָפּ.
דער ברוינער ביר זיך מינעט,
מיט ביטערקײַט גיט אָפּ.

מיר זשליאָקען. אף די ליפּן
א פּאסיקל א ווײַס.
די צינגער זיך צעקניפּן
בא אונדז צוביסלעכווײַז.

ערשט נאָכן דריטן קופל
דאָס בלוט האָט זיך צעשפּילט.
און עטוואָס בעגילופן
מיר האָבן זיך דערפילט.

און גלײַך צום אלעמערשטן
זיך טראָגט א לויבגעזאנג
דעם קערנדל פון גערשטן,
וואָס גיט אונדז דעם געטראנק, —

צו יענער ווײַטער טקופע —
צו בערנסן איך ווינק.
עס שוימט מײַן פולער קופל,
מיט בערנסן איך טרינק.

פון זײַנס אַ ליִד דער ניגון
האָט מיך אהער געבראַכט...
עס פירן אונדז דרײַ שטיגן
אַרויס אין העלער נאַכט.

## ווען דעם הימל

ווען דער הימל וואָלט געווען קעסיידער בלאָוו, —
וואָלט ער פֿריקרע דיר געוואָרן סאָפּקאָלסאָף.

ווען ער וואָלט אין וואָלקנס זײַן דורכויס, —
וואָלסטו פֿונעם טרויער קיינמאָל ניט ארויס.

דיר זאָל ניט זײַן צו ביטער און צו זיס, —
איז זאָל ער זײַן אזוי אָט ווי ער איז.

# וואָרצלען

די גאנצע כאָכמע פונעם בוים
איז אין די וואָרצלען זײַנע, —
ווי נאָר זײַן פלאנץ באווײַזט זיך קוים,
זיי נעמען הייבן אים אין רוים
און האלטן קרעפטיק אײַן אים.

קעדיי זײַן קרוין זאָל זײַן אין שײַן
און וואקסן הויך אָן שאָדן, —
אלץ טיפער גראָבן זיי זיך אײַן,
אלץ טיפער גייען זיי ארײַן
אין כאשכעס פונעם באָדן.

## עס פליקט די מאמע פעדערן

עס פליקט די מאמע פעדערן
אין טיפער נאכט אַרײַן, —
אַ קישן זײַן זאָל יעדערן,
און קינדער האָט זי נײַן:

זעקס מיידלעך און דרײַ באָכערים,
ווי ביימער פעסט און רוי,
נאָר איך בין אַ צעקראָכענער, —
די מאמע זאָגט אַזוי.

ווײַל כ׳טרײַב ניט אָפּ די קעלבעלעך,
וואָס קריכן אינעם סאָד,
און טשעפּע ניט די שוועלבעלעך
בא אונדז איבערן לאָד.

איך טרייסל ניט דעם בארנבוים, —
איך זיץ נאָר אַף זײַן סוק.
די הינטלעך, וואָס זיך שארן קוים,
אין בוזעם איך פארוק.

די הינער אַף דער סעדעלע
איך שרעק ניט מיט מײַן קאָל,

דעם באָק נאָר פאָרן בערדעלע
איך טו א נעם אמאָל.

ווען ס׳פּרוווט די מאַמע שיקן מיך
גיין שפּילן זיך אין ניס,
איך ענטפער: דאָרטן שטיקט מען זיך,
מע טרעט מיר אָפּ די פיס.

ווען איך דערזע א כמאַרעלע,
די ברעגן — לופּטיק־ראָז,
ביז טרערן טוט עס אָרן מיך,
איך ווייס גאָר ניט פאַרוואָס.

אנטלויפן כ׳פלעג פון יעדערן —
אליין כ׳פלעג וועלן זײַן...
...עס פליקט די מאַמע פעדערן
אין טיפער נאַכט אַרײַן.

זי קלײַבט דעם פוך דעם זויבערסטן
פון רעשעטע אין טוך, —
מײַן קאָפּ מײַן אופגעשויבערטן
א קישעלע פון פוך.

אַף בענק אַף אויסגעשאָבענע,
די הענט אונטערן קאַרק,
אין פעלצן אײַנגעגראָבענע
די ברידער כראָפּען שטאַרק.

אַף רעדער אַף צעפּאָרענע
דער זיסער שלאָף זיך טראָגט,
ס׳וועט אופוועקן זיי האָרעווען
דער האָן א בליאסק אַף טאָג.

די מיידלעך זײַנען בילכיקער —
מע לייגט זיך, ווו מע וויל, —
ווער אף דער באנק דער מילכיקער,
באם פענצטער, ווו ס'איז קיל.

ווער בא דער וואנט דער ווארעמער,
אינצווייען אף דער בעט,
זיי טוליען זיך און ארעמען,
די העלדזער זיך מע גלעט,

די קאָלדרעס אופגעשוואָלענע,
צעוואָרפן הענט און פיס, —
עס מוזן זיי זיך כאָלעמען
כאסאנים אפגעוויס.

און איך — ווען אפן קישעלע
האָב אָנגעשפארט דעם קאָפּ, —
ווי מיך מע וואָלט פארקישעפן —
דער שלאָף איז פון מיר אָפּ.

פון קישן־ציך די בענדעלעך
צעבינדן זיך, מיר דאכט,
און ס'לאָזן ווײַסע גענדזעלעך
זיך שווימען אין דער נאכט.

און מיטאמאָל א פאָכעניש
צום אויער זיך דערטראָגט,
א פליגל א צעבראָכענער
אָן קאָפּ מײַנעם זיך שלאָגט.

די בלימעלעך די ציצענע
פון טרערן ווערן נאס...

אין אלע פענצטער בליצן נעמט,
די מאמע לויפט אין גאס

א בלייכע, א פארהאוועטע,
אָט איז דעם שויכעטס הויף,
אין עמער אין פארזשאווערטן
דאָרט פעדערן זי קויפט.

דעם קרעמער אָט דעם שטילינקן,
זײַן קראָם איז פול מיט שניט,
פאר אײַנשיטלעך פאר ביליקע
די אוירינגלעך זי גיט.

ס'איז מיר א שאָד די אוירינגלעך,
וואָס בלישטשען אזוי שיין,
זיי אָפּנעמען כ'האָב מוירע דאָך
און האָב זיך שטארק צעוויינט:

— ניט גיב, ניט גיב זיי, מאמע, אים.
ניט נעם בא אים דעם שטאָף...
— וואָס איז געשען, מײַן זיאמעלע,
וואָס שרײַסטו פונעם שלאָף?

זי קושט מײַן גליד מײַן יעדערן
און לייגט צוריק מיך אײַן,
און ווידער פליקט זי פעדערן
אין טיפער נאכט ארײַן.

# כאנעקע

א טויטקייַט אף די גאנעקעס.
א שרעק — אין יעדן הויז...
כאָטש ס׳איז הײַנט יאָמטעוו — כאנעקע,
קומט גאָרנישט ניט ארויס.

באגעגענען מיט קאָוועד אים
וועט קיינער בא דער שוועל,
זאָל טאָן א קלאפּ א סקאָווערדע,
א זיפּ זאָל זיפּן מעל.

ניטאָ קיין געסט פארבעטענע
אף לאטקעס פײַער־פלאם,
פון גריבענעס, פון סמעטענע
פארגעסן לאנג דעם טאם.

ס׳איז אן אָבדיריק ביינערדיק,
כ׳האָב זיך נאָך אים פארבענקט.
קיין כאנעקע־געלט קיינער ניט
אונדז, כעוורעלײַט, ניט שענקט.

דאָס לעמפּל דאָס אכטעריקע
ניט צינדט דעם טאטנס האנט.

די שטעטעלעך — צענעריקטע, —
ס׳איז בירגערקריג אין לאנד.

נאָר ס׳ברענגט אונדז, יינגלעך, פרייד א סאך
דער יאָמטעוו סײַוויסײַ,
מיר שמעלצן אויסעט דריידעלעך
פון גליענדיקן בלײַ,

פון קוילן רויטארמייישע
(מיר ווייסן גוט דעם קונץ).
די דריידעלעך זיך דרייען שיין —
ס׳איז כאנעקע בא אונדז!

## מײַן באָבע

מײַן באָבע מיט יאָרן געווען איז שוין זאַט,
דאָס פּאָנעם אין טיפֿע קאַרבן.
עס האָט זי דער טויט ניט געשראָקן קימאַט,
נאָר מערער פֿון אַלץ האָט זי מוירע געהאַט
אין פֿרעמדע טאַכריכים שטאַרבן.

טיף אינעם קופֿערט — ס׳איז זיכער דאָס אָרט —
אַהינצו וועט קיינער ניט קריכן,
מײַן אַלטינקע באָבע באַהאַלטן האָט דאָרט
מאַדעפּאַלאַם פֿונעם בילליקסטן סאָרט —
אָנגעגרייט זיך אַף טאַכריכים.

מיר זײַנען געוואַקסן ברייטבייניק און האַרט,
בא אונדז פֿלעגן בלישטשען די אויגן.
אַ נאַקעטער אָרעם דעם גוואַלדריס צעשפּאַרט,
און ס׳פֿויכטן אַרויס, פֿאַרברוינט און פֿאַרדאַרט,
די שפּיציקע עלנבויגנס.

און ווען מיטן וועש געהאַלטן האָט שמאָל, —
אַ כאַרפּע פֿאַר מענטשן פֿאַר פֿרעמדע, —
אַ זאָג טאָן דער מאַמען עס פֿלעגט מיטאַמאָל

מײַן באָבע מיט גוטסקײַט אזויפיל אין קאָל:
— איך לײַ דיר די סכוירע אף העמדער. —

דאָס זינגער־מאשינדל עס שטעפּט און עס שטעפּט,
עס דרייט זיך דאָס רעדל דאָס גיכע...
דערפאר האָט די באָבע געלעבט און געלעבט,
ווײַל זי האָט פאר אונדז פונעם קופערט געשלעפּט
אף העמדעלעך אירע טאכריכים.

## אף דער פּריזבע

דאָ, אָט אף דער זעלבער פּריזבע,
כ׳ווייס מיט וויפל יאָר צוריק,
האָט מײַן אַלטע באָבע פּערלע
הענטשיקלעך מיר אויסגעשטריקט.

לעבן איר איך בין געזעסן,
כ׳האָב די אייגעלעך געציילט,
און זי האָט אַזויפיל מײַסעס
און געשיכטעס מיר דערציילט.

פון א פּאווע, פון א קיניג,
פון אן אויסגעטראכטער ערד,
ווו עס לעבן מענטשן ריזן
מיט פאטלאטע שווארצע בערד;

פון א פייגעלע א יאָסעם,
וואָס געבליבן איז אליין,
און ס׳פארגייען זיך די וועלדער
פון דעם עלנטן געוויין;

פון א וואסער־מיל אן אלטער,
פון א ייִדישן פּאָגראָם,

ווי עס האָט אין אַ געוויטער
זיך געטרונקען אַ פּאַראָם.

נאָך און נאָך, און יעדע מײַסע,
וואָס פּאַר מיר האָט דורכגעשוועבט, —
ווי זי וואָלט זי מיט די פּרענטלעך
אין די הענטשיקלעך פאַרוועבט.

און די הענטשיקלעך — סאַכאַקל
מיט איין פינגער און ניט מער:
פּאָדעם וואָלענע צו קריגן
איז געוועזן זייער שווער.

נאָר עס האָבן אינעם פּאָדעם
רויטע שטרײַפעלעך געברענט,
אַז עס זאָל אַ גאַנצן ווינטער
זײַן מיר וואַרעם אין די הענט, —

ווען איך וועל צום ווײַטן ברונעם
נאָך אַן עמער וואַסער גיין,
ווען די הרובע צו פאַרשמירן
וועט מען דאַרפן גראָבן ליים.

ווען איך אַ זאַווי כ׳וועל מוזן
אָפּשאַרן פון טיר דעם שניי,
אין די פראָסטיקע פאַרנאַכטן
געבן דער בעהיימע היי.

הײַנט די ייִנגלעך — ווען מיר פּלעגן
גליטשן זיך פון הויכן באַרג, —
מײַנע הענטשיקלעך זיי זײַנען
מיר געווען מעקאַנע שטאַרק.

ס׳איז די באָבע לאַנג געשטאָרבן,
כ׳ווייס מיט וויפל יאָר צוריק,
און די הענטשיקלעך געשטריקטע
האָבן זיך שוין לאַנג צעפליקט.

כ׳שטיי אין פראָסט דאָ בא דער פריזבע,
וואָס אריין איז אין דער ערד,
פון דער טייַערער דערמאָנונג
אפן הארצן ווארעם ווערט.

# נאָכן וואָגן

א הילצערנעם וואָגן מיט מאָגערע סנאָפּעס
געשלעפּט האָט אַן אָקס און פאַרמאַטערט געסאָפּעט.
צאָב־צאָבע.

די אָבאָדעס גראָבן אין זאַמד זיך אַרײַנעט,
עס סקריפּען די רעדער, ווי זיי וואָלטן טײַנען:
— שוין לאַנג ניט געשמירט די פאַרטריקנטע אַקסן,
אַפילע קאַרטאָפל וויל אויך דאָ ניט וואַקסן,
און אויסער קאַרטאָפל, וואָס וועלן מיר עסן
אין אונדזער פאַרוואָרפענעם העק, אין פּאָלעסיע?..
צאָב־צאָבע...

אָט טוט אַן א פּניאַק זיך א שלײַדער דער וואָגן, —
צו אונדז די פאַרטריקעניש ווער האָט פאַרטראָגן?
א גאַנדז מיט א גוואַלד האָט די פליגל פאַרבראָכן
און פליִען געלאָזט זיך אַריבער די מאָכן,
ווײַל עפּשער אַף יענער זײַט פריפּעט איז בעסער,
די גראָזן — דאָרט גרינער, די אָזערעס — גרעסער...
צאָב־צאָבע...

די זון — א צעגליטע אין הימל אין הויכן,
דער אָקס איז אײַנגאַנצן אַרויס פון די קויכעס.

א זודיקער שטויב האָט די פעלדער פארוויקלט,
דער אָנטרײַבער אין א סאָלדאטיש היטל,
אין שיך אין יוכטאָווע, אין וועלכע, מיסטאָמע,
געקומען איז ער דאָ ניט לאנג פון מילכאָמע.
ער שלעפּט פאר די הערנער פאראקשנט, פארמאטערט
דעם אָקסישן קאָפּ מיט דער טונקעלער לאטע.
צאָב־צאָבע...

די הערנער באַם אָקס זײַנען שיינע, ווי צווײַגן,
דעם דעמבענעם יאָך וויל ער נעבעך ניט לײַדן.
ער וואַרפט מיטן קאָפּ, און די נאָזלעכער טשמוכען,
עס האָט אים, מיסטאָמע, פארשמעקט מיט גערוכן
פון מעקענע ווייכער, פון בורעקעס פוילע,
א הילצערנעם צעבער א פולן מיט פּאָילע, —
א מײַכל אזא, וואָס איז שווער אים צו קריגן...
פון פּאָזשניע דערטראָגט זיך א נאָגנדער ניגן.
צאָב־צאָבע...

מיט באָרוועסע פיסלעך דורך קויטיקע הויפן
האָב איך נאָך דעם וואָגן געלאָזן זיך לויפן,
געמאכט אָן א טשוואָק זיך א גוואלדריס פון הינטן,
עס בלאָזט מיר ארײַן אין די הייזלעך א ווינטל,
דער וואָגן איז הויך און ס׳איז שווער צו דערלאנגען,
איך צופּ פון די סנאָפּעס די מאָגערע זאנגען,
א גאָלדענעם זאנג אף דער דלאָניע צעריבן,
די שטרוי האָט זיך ווײַט אינעם ארבל פארקליבן.
כ׳האָב כראָמטשען די טרוקענע קערנער גענומען, —
א וואָנץ פון א זאנג האָט פארשטאָכן מײַן גומען...
צאָב־צאָבע...

פאר קאס נאָכן וואָגן איך האלט אין איין לויפן,
די שטעכיקע זאנגען איך פליק מיט די הויפנס,

א בײַטש האָט פֿון הינטן דערלאַנגט מיר א שמיץ, —
פּונקט ווי אַרײַנגײן אין מיר וואָלט א בליץ...
צאָב־צאָבע...

ווער ווייסט, פֿון די שמיץ, וואָס כ׳האָב קינדווײַז באַקומען,
פֿון זאַנג, וואָס ביז בלוט האָט פֿאַרשטאָכן מײַן גומען,
מײַן ליד איז געקומען,
מײַן פּײַן און מײַן גאָב.
צאָב־צאָבע,
צאָב!..

## דער בוים

דער בוים, וואָס ס׳האָט אים נאָך פארפלאנצט מײַן טאטע,
איז אינדערקרום אריבער פלויט פארקראָכן.
בא אונדז אין הויף — דער שטאם דער סוקעוואטער,
די צווײַגן מיט די פרוכטן — דאָרט באם שאָכן.

די הויט צערײַס איך זיך, ווען אפן שטאם איך קלעטער, —
כאָטש עפּעס וואָס פון אונדזער בוים געניסן,
נאָר אלץ איז פריִער שוין אראָפּגעריסן,
אראָפּגעטרייסלט אלץ צוזאמען מיט די בלעטער.

פון אָט דער אוולע נעמט דאָס הארץ מיר נאָגן, —
פארוואָס איז אויסגעוואקסן אונדזער בוים א קרומער?
עס טרעפט, איך וואָלט אין האנט א האק גענומען
און גאָר אים פון דער ערד אראָפּגעטראָגן!

נאָר טייקעף כ׳טו אין זיך א קאָל דערהערן:
דו גיב א טראכט, פון וואָס דו טראכסט, בארעכן!
די פלויטן וועט מען מוזן דאָך צעברעכן,
און דײַנע פרוכט וועט אויכעט דיר געהערן, —
ווײַל, סאָפּקאָלסאָף, דער מענטש וועט בעסער ווערן.

# דער בלעכערשער האמער

דעם הילצערנעם בלעכערשן האמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען.
דעם הילצערנעם בלעכערשן האמער —
מײַן ליִב און מײַן הימן.

בא אים איז א דעמבענער קערפער —
א דעמב האָט דעם האמער געבאָרן,
דאָרט אונטער דער קאָרע דער טערפקער
געטראָגן אים הונדערטער יאָרן.

עס קאָנען זײַן יִכעס זײַן אלטן
דערווײַזן פון בוים־שניט די קרײַזן,
וואָס האָבן דעם האמער געהאלטן
אזוי ווי אין רייפן פון אײַזן.

געקריצט האָט די זעג בא די זעגער,
און פלוצעם אין וואלד אזא גוואלד ווערט, —
דאָס האָבן זיי פונקט אין דער רעגע
דעם גיבער אנידערגעוואלגערט.

געהאקט האָבן נאָכדעם די העקער,
די העק אלץ געטריבן אין נאקן,

דער ווידערקאָל האָט אַף די שטרעקעס
אָן אופהער געהילכט פונעם האקן.

צוביסלעך — אַלץ ווײַטער און ווײַטער,
און ביז אַף דער וועלט דער גערואמער
ארויס איז פון דעמב א באפרײַטער
דער בלעכערשער הילצערנער האמער.

ערשט נאָכדעם דער זומער דער קלאָרער
געטריקנט, געהארטעוועט האָט אים.
און ס'האָט ארום אים זיך געפּאָרעט
דער הובל, דער עגבער, די דלאָטע.

אז ברעכן ער זאָל זיך ניט קיינמאָל,
אזוי ווי דער דעמב אַף זײַן באָדן, —
איז האָט מען אין זודיקן בוימל
דרײַ שאָ נאָכאנאנד אים געבאָדן.

ווען ער איז געקומען צום לעבן,
איז האָב איך אים, ווי א באקענטן,
די האנט מײַנע פרײַנטלעך געגעבן,
און ער האָט דערלאנגט מיר זײַן הענטל.

דעם הילצערנעם בלעכערשן האמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען.
נאָר איך וועל ניט זאָגן מיסטאמע,
אז ער איז געווען א דימענט.

ניט איין מאָל ער האָט מיר די פינגער
צעבלוטיקט, צעבראָכן די נעגל.
ניט איין מאָל, אז ער פלעגט מיך צווינגען
זיך מיִען אין שניי און אין רעגן.

ניט איין מאָל איך האָב האָלדז־און־נאַקן
געבראָכן פון קראָקוועס פון קרומע,
ניט איין מאָל א זעץ א געשמאַקן
האָב איך פונעם לייטער באַקומען.

ניט איין מאָל, געלאָדן מיט בלעכן,
פון דאַך־פענצטער פלעג איך זיך רוקן,
הײַנט פרעגט ניט, ווי מיר פלעגן ברעכן
די הענט און די פיס און דער רוקן.

נאָר ס׳איז פונעם דעמבענעם גיבער
זײַן האַרבקײַט, זײַן האַרטקײַט, זײַן גוורע
צו מיר, צו דעם מענטשן, אַריבער, —
געהאַרטעוועט אויכעט מײַן שורע.

עס איז דאָך אַזאַ פאַרגעניגן —
און ס׳טוט יעדן איינציקן פרייען,
ווען ס׳שטייען די קינדערשע וויגן
באַשיצטע פון רעגנס און שנייען.

א וואַרע דעם האַמער, א וואַרע!
די בלעכער א דרײַפאַכע בענטשונג,
וואָס האַמערן אונטער די כמאַרעס
א דאַך איבער קעפּ פון די מענטשן.

דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען,
דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
מײַן לויב און מײַן הימן.

# דער האנטעך

מיט האנאָע אָנגעהאָרעוועט זיך האָסטו,
דו טראָגסט די שווערע הענט אין דײַנע קעשענעס.
עס וואַרט אַף דיר אין שטוב דער קראַן דער מעשענער,
דאָס אָנגעהויבענע שטיק זייף דאָס פּראָסטע.

דו האָסט פון זיך דאָס העמד אַראָפּגעצויגן,
אונטערן שטראָם פאַרקראָכן אַ האַלב־נאַקעטער.
דאָס וואַסער לעשט דײַן לײַב דאָס הייס־צעפלאַקערטע,
און פון דעם כּעס זשמורעסטו די אויגן.

דאָס דאַזיקע געפיל עס איז באַקאַנט אײַך?
אַזאַ מין גליק וואָלט זיך געוווּנטשן איטלעכער, —
ווען ס'קוקט אײַך נאָך דאָס ווײַב, אַזאַ געמיטלעכע,
און האַלט אַן אָנגעגרייטן פרישן האַנטעך.

# איך האָב האָלט

איך בין אַ ליטוואַק אַ געבאָרענער, —
דעריבער טאַקע האָב איך האָלט,
די לוסטע ברויט זאָל זײַן אַ קאָרענע,
דער יאַש אין פלאַש, ווי זויבער גאָלד.

אין סקאָווערדע די פעטע גריבענעס,
זיי זאָלן פרעגלען זיך פאַר פרייד,
קאַרטאָפל־לאַטקעס אָנגעריבענע,
וואָס עסן דאַרף מען הייסערהייט.

אַ שיסל אוגערקעס געזויערטע,
וואָס שמעקט מיט קנאָבל און מיט קראָפ,
אַ קריגל קוואַס — שוין אופגעיויערטער, —
פון אים פאַרדרייט זיך אַזש דער קאָפ.

איך זיץ מיט מײַנע פרײַנט פאַרופענע,
וואָס שווײַגן ניט, ווי שטומע פיש,
זיי זײַנען אַלע בעגילופענע
פון דעם „לעכאַיִם" בײַ מײַן טיש...

# אפן קלויסטער

מאָלט אויס זיך:
א הימל פון בלויסטע דער בלויסטער
און אונטער דעם דאָזיקן הימל א קלויסטער.

און איבערן קלויסטער א וואָלקנדל פלאַטערט,
און אונטער דעם פיצעלע וואָלקן — מײַן טאַטע.

ער דוכט זיך פון ווײַטן, אזוי ווי א פויגל,
וואָס איז אפן ציילעם געקומען צו פליגן.

און אונטן: אין שטויב, ווי אין וואפנע, דער ברוק איז.
עס גייען דעם קלויסטער פארבײַ פּאָלישוקעס.

פארוואָקסן די קערק, ווי דער מאָך ווי דער גרויער
באוואקסט אינעם שאָטן דעם שטאם פון דער כוואָיע.

עס סקריפען די טרוקענע לאפּטיעס פון ליפּע,
און ס'דוכט, יעדער סקריפּע הילכט אָפּ, ווי אן איפּע.

זיי כאפּן א קוק אפן קלויסטער מיט ביטל, —
מע נעמט ניט אראָפּ דאָס פארוויאַניעטע היטל.

און זעלטן ווער ס'טוט דאָ א ציילעם זיך איבער...
עס שטייען אָן דעכער קימאט אלע שטיבער.

די שטרוי פון די דעכער — די שפּײַז אָט די גראָבע —
האָט לאַנג אופגעגעסן די בידנע כודאָבע, —

ווײַל שפּעט קומט די ווּעסנע, און פרי קומט דער ווינטער,
עס וואַקסן די בערגעלעך ערד אַפן צווינטער.

די קינדער — זיי ווײנען, די ווײַבער — זיי פלוכן, —
זיי שטופּן די קינדער אין מויל זאַטירוכע.

ניטאָ איז קיין זאַלץ די פּאָטראַווע באַזאַלצן,
א נאָגעלע שמאַלץ — דעם אַקרײַעץ באַשמאַלצן.

דער ווינט אין די קוימענס פאַרגייט זיך אין בלאָזן,
ניט אַנדערש, דער אייבערשטער האָט זיי פאַרלאָזן.

אין שטויב, ווי אין וואַפּנע, דער שטיינערנער ברוק איז,
עס גייען דעם קלויסטער פאַרבײַ פּאָלישוקעס.

און פּלוצעם — דו זע נאָר, וואָס טוט זיך דאָרט אויבן!
זיי האָבן די קעפּ די פּאַטלאַטע פאַרהויבן.

צי איז עס דער יויזל אַרויס פונעם וואָלקן
און איז אַפן ציילעם אַרוף דעם באַגאָלדטן?

פון אונטער די דלאָניעס זיי קוקן פאַרוווּנדערט,
עס בלענדט זיי די אויגן דער קופּאָל דער רונדער.

נאָר ס'איז ניט דער יויזל, ס'איז לייבע דער בלעכער.
דו זע, ווי ער קלעטערט אַלץ העכער און העכער!

אַן עמערל פאַרב צו דעם גאַרטל פאַרבונדן,
די זון האָט די באַרשט זײַנע אונטערגעצונדן...

ווי האלט ער זיך דאָרטן? דו הער נאָר א מײַסע!
פון אונטן זיי שרײַען אים: „לייבא, טרימײַסא"![1]

און פּאָרכטיק זיי ציילעמען זיך אפן טאטן,
און שמייכלענדיק, קראצט מען דעם קאָפּ דעם פּאטלאטן.

...אף קלויסטערס געקלעטערט, אף באָטעמעדראָשים, —
מײַן טאטע איז לאנג אף דער וועלט ניטאָ שוין.

---

[1] לייבע, האלט זיך! (ווײַסרוסיש).

## מײַן פעטער

דער פעטער כאַים־שײַע שרײַבט אַ קאַרטל,
אין קאַטערינאָסלאַוו זײַן טאָכטער זיך געפינט,
ער וואַרט אַף איר און קאָן זיך ניט דערוואַרטן,
די פען ער טונקט אין טינט, און טונקט און טונקט אין טינט...

דער טינט אַזאַ געדיכטער און אַ ברױנער,
װי פּאַלײַטור, עס שמעקט פון אים מיט ספּירט.
דאָס האָט ער אים פון עפּעלעך אַזױנע
אין אַ רעפּוע־פלעשעלע צעפירט.

זײַן קאָפּ — צו דער צעראַטע אָנגעבױגן,
דאָס סיווע בערדל שורשעט, װי אַ בלאַט.
די אױסגעבענקטע קורצזיכטיקע אױגן,
זײ טרערן זיך און זעען ניט קימאַט.

אָט האָט ער פּלוצעם גאָר די שײַן פאַרלאָרן,
װי ס׳װאָלט זי טונקל קלעק־פּאַפּיר פאַרװישט.
די לאַנגע שורעס הײבן אָן אַראָפּצופאָרן
פונעם שמאָלן קאַרטל אַפן טיש.

דער פעטער איז שוין לאנג אין דער מעדינע,
וווהין ס׳באוויַיזט זיך קיינמאָל ניט די זון.
נאָך איצט אף דער צעראטע קענסט געפינען
אן אלעף, צי א לאמעד, צי א נון.

# דער דונער

**א** קונציק אויסגעשניצטער בוים פון דיקט,
און איבער אים — א וואָלקנדל פון וואטע.
דער אויבעם ווערט פון ענגשאפט אזש דערשטיקט, —
דאָס שפּילן מיר אין אונדזער קלוב טעאטער.

די ווייבער מיט די קינדער אף די הענט
פארנומען האָבן אלע בענק די ערשטע.
לענגויס די ניט געטינקעוועטע ווענט
צונויפגעפּרעסטע, סאָפּען שווער די בערשטער.

די שניידערלעך, זיי האָבן זיך פארכאפּט
די נעענטערע ערטער נאָך פון פריער
און הילכיקער פון אלעמען געקלאפּט,
ווען ס'פלעגן די אנטראקטן זיך פארציִען.

מיט באלעגאָלעס איז געוואָרן פול
דער גאנצער שמאָלער דורכגאנג בא דעם וואנט־פּאס,
ווי ראָשעשאָנע אין דער אלטער שול
באם סאמע טיר, ווו ס'הענגט דער שווערער האנטפאס.

א גאנצע וועלט מיט יִדן איז דאָ הי,
ניט צו געפינען איז אַ פּלאַץ א פרייען,

דער בלעכער ארטשע האלט אף זײַנע קני
דעם מאָגערן טאנדעטניק כאָים־שײַע.

א מאמע האָט דאָס מײַלכל מיט דער ברוסט
פארשטאָפּט א קינד, וואָס ווײנט נאָך ניט, — באצײַטנס.
טוט, כאסוועשאָלעם, עמעצער א הוסט,
איז נעמט מען שרײַען „שא" פון אלע זײַטן.

די בליקן זײַנען צוגעשמידט אהין,
ווו ס'האָבן די צוויי לײַלעכער צערוקט זיך.
דער בוים דער פלאטשיקער איז צופיל גרין,
פון הינטער אים דער שײנער כאָסן רוקט זיך.

אויך „זי" קומט אָן. ער קוקט אף איר פארגאפט.
ער גיט א קוש זי מיט א שײנער מינע...
נאָר מיטאמאָל האָט מיט דער גאנצער קראפט
א זעץ געטאָן א דונער אף דער בינע.

אין בליצלאָמפּ מיט דעם קײַלעכדיקן קנויט
האָט אָנגעהויבן טוקן זיך דאָס פײַער.
דער אוילעם האָט דערשראָקן זיך אף טויט,
גענומען האָבן גלײַך די קינדער שרײַען...

די צײַט — זי גײט. עס לויפן טעג און נעכט.
אזויפיל וואסער איז שוין אָפּגערונען...
איך בין אָט דער, וואָס אין א בויגן בלעך
געטראסקעט האָט, — איך האָב געשפילט דעם דונער.

# געבאקטע קאַרטאָפּל

מײַן װײַב האָט מיר אױף אָנבײַסן אָנגעבאַקט קאַרטאָפּל,
געבאַקטע האָב איך ניט געגעסן שױן אַ צײַט מיט יאָרן, —
פֿון זינט איך בין אַן אײַנװױנער אַ שטאָטישער געװאָרן.
איז הערט, װאָס איז אין יענעם אינדערפֿרי מיט מיר פֿאָרלאָפֿן.

צום אַלעמערשטן, כ׳בין זיך מודה, ניט געװוּסט כ׳האָב, אַז
קאַרטאָפֿל זאָל זיך באַקן ניט אין פּריפּעטשיק, נאָר אױף גאַז,
צװײטנס, װײַל איך מעלדן, און עס זאָלן אַלע װיסן,
אַז ביכלאַל אַ בולבע איז בײַ מיר דער בעסטער ביסן.

פֿון בולבע די געריכטן ניט אימשטאַנד בין איך באַמאָלן:
געקאָכטע און געפּרעגלטע, געשײלטע און אין שאָלן,
אַ טײגעכץ, אַ פּאַלירטשיקל (ס׳איז גוט צו דעם אַ גריבענע),
מיט טױקעכצן געטױקטע, אױף ריבײַזנס געריבענע,
און פֿאַלשע פֿיש געפּעפּערטע מיט שאָלעכץ פֿון אַ ציבעלע,
די נעכטיקע — פֿון װעטשערע אױף אָנבײַסן פֿאַרבליבענע.

װער רעדט נאָך, װען מע טוט אַרײַן אַהין אַ נאָגל שמאַלץ, —
איז דעמלט קען מען אָפּגעבן פֿאַר אָט דעם מײַכל אַלץ!

נאָר ס׳איז אַ בולבע אַ געבאַקטע אַנדערש גאָר געשמאַק...
מײַן װײַב האָט מיר אױף אָנבײַסן קאַרטאָפּל אָנגעבאַקט.

איז ווי נאָר כ׳האָב געגומען פוגעם שיסל א קאַרטאָפל,
עס זײַנען באַלד פון מײַנע פיס אנטלאָפן די פּאַנטאָפל,

און ווי געגומען כ׳האָב אף איר, אזוי ווי ס׳פירט זיך, בלאָזן, —
האָט טייקעף מײַן געמיטלעכע פּיזשאַמע מיך פאַרלאָזן.

און ניט געוואָרן איז דער טיש, די בענקלעך און די בעטן —
ווען כ׳האָב גענומען צווישן דלאָניעס קײַקלען זי און קנעטן.

די ווענט, ווי זײַן וואַלטן פון וואקס, זיי הייבן אָן זיך שמעלצן.
...איך ליג א באָרוועסער אין פעלד אף מײַן צעפליקטן פעלצל.

עס האָט זיך נאָך ניט גוט צעברענט דער אָוונטיקער שײַטער,
די אויגן עסט דער שוואַרצער רויך. איך רוק זיך אָפּעט ווײַטער.

די נאכט אין פעלד ארום די פערד — דאָס רופט זיך אָן
„נאָטשנאָיע״.
דער מוילעד האָט באהאַלטן זיך צעווישן וואָלקנס בלויע.

א פויגל האָט אין ווײַטן וואַלד גענומען הילכיק שרײַען.
די פערד האָבן זיך אָנגעשפּיצט — די קעפּ געווענדט צום פײַער.

צונויפגעטוליעטע אזוי, פאַרטײַעטע, מיר ליגן,
ביזוואנען ס׳האָט דער פויגל זיך צו זאָט ניט אָנגעשריגן.

נאָר אָט האָט זיך א הירזשערײַ א האָפּערדיקס צעטראָגן, —
דאָס האָט א לאָשעק אָנגעזאָגט, אז באַלד וועט נעמען טאָגן.

דער שײַטער האָט שוין לאנג דערברענט, מיר ליגן און מיר שווײַגן.
א בולבע א געבאַקטע כ׳שאַר מיט א פאַרסמאַליעט צווײַגל...

און מיטאמאָל מײַן ראָכלס קאָל: „דו עסט דאָך גאָרנישט, זיאמע!״
...אָווו איך בין אָט ערשט געווען — זי ווייסט דאָך ניט מיסטאמע...

# די סלאווישע ווערטער

ד י סלאווישע ווערטער אין ייִדישן לשון —
איך פיל זייער קרעפּטיקן טאַם אַפן גומען.
אַן זיי וואָלט די ראַבינע ווערן פאַרלאָשן,
דער וואָלקן אין אָזערע וואָלט ניט געשווומען,
און דער סאָלאָווי אין די סעדער וואָלט שטומען,
אַן זיי, אַן די ווערטער, באַ מיר אינעם לאָשן.

ווי וואָלט אַן די ווערטער אַרײַן אין מײַן שורע
דער ווינט, וואָס שוהײַעט אַן אופהער אין לאָזע,
די סומנע פאַרנאַכטן, די הימלען די כמורע,
דאָס ליכטיקע פלאַטערן פון דער בעריאָזע,
דאָס פליעסקען פון טײַך אין די אופגאַנגען ראָזע
ווי וואָלט אַן די ווערטער אַרײַן אין מײַן שורע?

ווי וואָלט אַן די ווערטער דער פערז מײַנער שמעקן
מיט טערפּקן פּאָלין פונעם סטעפּ פונעם ברייטן,
מיט שאָפּענעם פעלץ אין פאַרסמאַליעטע פלעקן,
מיט זויערן באָרשטש אין טשוהונטשיק געגרייטן,
מיט שאַרפקײַט פון דזעגעכץ און זיסקײַט פון קווייטן,
ווי וואָלט אַן די ווערטער דער פערז מײַנער שמעקן?

ווי וואָלט איך געקאָנט אָן די סלאווישע ווערטער,
וואָס אײַנגעזאַפּט כ'האָב מיט דער מילך פון מײַן מאַמען,
א זאָג טאָן צו דער, וואָס זי איז מײַן באַשערטע,
מיט וועלכער מיר גייען פיל יאָרן צוזאַמען:
„מײַן דושעניו־סערצע, הער אויסעט דײַן זיאַמען“, —
ווי וואָלט איך געזאָגט אָן די דאָזיקע ווערטער?

די סלאווישע ווערטער אין ייִדישן לאָשן —
זיי זײַנען ווי שטענדיקע טוישווים געקומען.
מיט זיי האָט מײַן זיידע געזייט און געדראָשן,
און ציגל געקנאָטן, און וואַפּנע געלאָשן.
ער האָט ניט געבאָרגט זיי, ער האָט זיי גענומען,
מיט בלוטיקער פּראַצע געצאָלט, מיט מעזומען.
די פּרײַנטשאַפט פון פעלקער, זי ליגט אין מײַן לאָשן.

# דער טאַטע צוגאַסט באַם זון

היינט פאַרטאָג אין איינע יאָרן
מיט מײַן טאַטן כ׳בין געוואָרן.

אָפּצומערקן אָט די דאַטע —
איז באַנאַכט אַרײַן דער טאַטע.

אָנגעלעגט די עלנבויגנס
אָן דעם טיש דעם פּײַן־געדעקטן,
זיצט ער טיף דעם קאָפּ געבויגן
אין זײַן ראָק דעם אויסגערעקטן.

— דו ביסט, — פרעגט ער, — טאַקע זיאַמע? —
און ער קוקט מיר גלײַך אין פּאָנעם, —
ווען דו זאָגסט מיר ניט, מיסטאַמע,
כ׳וואָלט דיך קיינמאָל ניט דערקאָנען.

— דו געדענקסט, מע האָט אין כיידער
אָנגעבראָכן דיר די ביינער —
האָסט געגעבן זיך א ניידער,
אַז דו וועסט אַהין ניט גיין מער?

— אויסגעזוכט האָסט טויזנט טרוצים,
און געוויינט האָסט, ווי א ביבער —
...נאָר ער טוט א כאַפּ זיך פּלוצעם,
און ער שלאָגט אליין זיך איבער:

— זע נאָר! — און זײַן בליק מיך בויערט. —
זיאמקע, ביסט פון מיר דאָך גרויער!

— איך וואָלט שווערן, אז ערשט נעכטן
כ׳האָב דיך סורבאראן געטראָגן...
און די פינגער נעמט פארפלעכטן,
שטילערהייט ער טוט מיר זאָגן:

— גיב א קוק נאָר, סארא קנייטשן
האָבן טיף צעקארבט דײַן שטערן. —
און בא אים עס זײַנען גרייט שוין
טאָן א פאל צוויי שווערע טרערן.

— האָר האָסטו געהאט — א קוטשמע,
ווי מיט פּעך אדורכגעפּעכטע.
שוין זשע קומט דיר אויס זיך מוטשען,
ווײַל דײַן ארבעט איז א שלעכטע?

— עפשער טאקע איז דאָס שרײַבן
ניט פאר בלעכערישע פינגער?
ווען דו וואָלסט א בלעכער בלײַבן,
וואָלט, מיר דוכט, געווען דיר גרינגער.

— קלאפּסט זיך מיטן האמער אויבן,
און דו פוגעוועסט די פוגעס,

קיינעם דארפסטו דאָרט ניט לויבן —
ניט די טיפּשים, ניט די קלוגע.

— אף די דעכער די צעהעלטע
ווערט מען, זון מײַנער, געגעזן.
זעסט דאָך אויס פון מיר איצט עלטער,
ווי מײַן טאטע וואָלסט געווען!

— ביסט אוועק אף דער מילכאָמע
און געווען אין סאמע פײַער.
וויפל זײַנען שוין ניטאָ מער
די, וואָס זײַנען שטארק אונדז טײַער.

— וויפל שטעטעלעך צעשלאָגן,
ווי די זאנגען, אויסגעדראָשן.
דײַן בענאָק, געהערט כ׳האָב זאָגן,
רעדט ניט מער אף אונדזער לאָשן.

— כ׳ווייס, דו האָסט זיך אָנגעליטן,
ס׳איז א סאך פון דעם צו ריידן.
דו האָסט אויך ניט אויסגעמיטן
יענע נאָכמילכאָמע־ליידן.

— טראכסט נאָך לאנג דעם פּאָדעם וועבן
פון די יידישע געזאנגען?
זע, זאָלסט מיך אריבערלעבן, —
איך בין דאָך ניט ווײַט דערגאנגען.

— זאָל געגנוג שוין זײַן צו ברײַען,
ס׳נעמט שוין טאָגן דער אינדרויסן.

נו, מײַן זון, זאָל זײַן לעכאַים! —
ס׳קלינגט א קויסע אָן א קויסע.

און דער טאַטע גלײַך ארויס איז...

אָנגעלענט די עלנבויגנס
אָן דעם טיש — איך זיץ פארמאַטערט,
טיף דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן,
ווו געזעסן איז מײַן טאַטע.

## די באַלאַדע וועגן יאָנטל דעם שמיד
## און זײַן גע‌זעל

די קוזניע בא יאָנטלען איז שטענדיק געפּאַקט
ניט מאַכמעס זי שטייט אַף סקריהאַלאָווער טראַקט,

מיט וועלכן עס קומען אין שטעטל אַהער
אַ וואָלאָסט מיט פּויערים, עפּשער נאָך מער.

מע פּאָרט אַפּן מאַרק. מע פּאָרט פונעם מאַרק.
ניט שטאַרק בעגײַלופן, און אָפּטמאָל — גאַנץ שטאַרק.

צום שוסטער מע פּאָרט, צום בלעכער מע פּאָרט —
פאַרלאַטען די שטיוול, פאַרלייטן אַ קוואָרט.

צום סטעלמאַך מע קומט, צום רימער מע גייט,
נאָך זאַלץ און נאָך שוועבעלעך גייט מען אין קלייט.

פון שטעטל אַרויס — אין שטעטל אַרײַן —
די דערפער פּאַלעסיער, געזונט זאָלן זײַן, —

זיי גיבן פּאַרנאָסע און יעטווידער זאַך
די יידן די פּראָסטע פון יעטווידער פאַך.

און יעדער, וואָס פּאָרט דאָ פאַרבײַ מיט אַ פערד,
צו יאָנטלען דעם שמיד די האָלאָבליעס פאַרקערט.

און יעדער, וואָס גייט מיטן טראַקט דאָ צופוס,
צו יאָנטלען אין קוזניע אַרײַנגיין ער מוז.

ניט מאַכמעס ס׳איז יאָנטל דער איינציקער דאָ,
ניט מאַכמעס כוץ אים איז קיין שמידן ניטאָ,

אַזוינע, ווי יאָנטל, איז פול דאָ געפּאַקט
און דאַפקע לענגאויס דעם סקריההאַלאָווער טראַקט.

זיי שטייען, ווי יאָנטל, באַם פײַער צעהיצט,
מיט פונקען, ווי גאָלדענע רענדלעך, מע שפּריצט.

די רימענע פאַרטעכער — האַרטע, ווי בלעך,
זיי זײַנען געדובעט מיט פײַער און פּעך.

זיי זײַנען, ווי פּאַנצערס אױף האָריקע בריסט,
אַ בײַסיקער שווייס פון די לײַבער זיך גיסט.

די בלאָזזעק — זיי עטעמען טיף מיט אַ כראָפּ,
עס פליִען די האַמערס אַרויף און אַראָפּ.

איין האַמער מאַכט „דזין״, און דער צווייטער מאַכט „און״,
ס׳גייט דורך פונעם „און״ דורכן אײַזן אַ סקרוך.

די שכיינישע דערפלעך דער ווידערקאָל וועקט.
דאָ קאָוועט מען אָקסן, מע האַרטעוועט העק,

און לעמעכעס בייגט מען דאָ אויס פון איין שטיק,
און פּאָדקעוועס לעשט מען דאָ אָפּ מיט אַ „פּשיק״.

דאָ שמידט מען דיר אונטער אַ פערד אָפּן שטעל,
און אַלץ, וואָס עס ווערט דאָ געשמידט, איז ראַיעל.

דעם שטאָל און דעם אײַזן דעם בעסטן מע גיט, —
נאָר פאַרט אין דער קוזניע צו יאָנטלען עס ציט.

ניט מאכמעס בא יאָנטלען איז העלפט פון דער פּרײַז, —
פאַרקערט גאָר, מע קלאָגט זיך, אַז יאָנטל באַרײַסט.

ניט מאכמעס בא יאָנטלען מע ווארט ניט קיין סאך, —
פאַרקערט גאָר, מע ווארט פון באגינען ביז נאכט.

ניט מאכמעס ס'איז יאָנטל א קאָוואל א גוואר, —
פאַרקערט גאָר, דאָס יידעלע דאר איז און קוואר
און רופן מע רופט אים „אָבדירעק" דערפאר.

און האָבן ער האָט ניט קיין גאָלדענע הענט,
ניט שטענדיק זײַן האָרען ווי ס'דארף צו זײַן ברענט.

ניט שטענדיק זײַן שוואָרען איז פונקט צו דער מאָס,
ניט שטענדיק זײַן בלאָזזאק ווי ס'דארף צו זײַן בלאָזט.

ניט שטענדיק זײַן מעסער ווי ס'דארף צו זײַן שארף,
פאַרהאַרטעוועז זאָל ער א האק ווי מע דארף.

נאָר פאָרט אין דער קוזניע צו יאָנטלען עס ציט,
עס ציט, קען מען זאָגן, ווי מיט א מאגניט.

און ניט אזוי יאָנטלען זיי זײַנען גאָר אויסן,
ווי דעם, ווער עס קלאפּט מיטן האמער דעם גרויסן, —

דעם מאָלאָטאָבאָיעץ, וואָס ארבעט בא אים,
וואָס האָט א באסאָווע, א הילכיקע שטים.

וואָס טוט נאָר א זאָג עפּעס אָדער א לאך,
איז פונקט ווי אין וואלד וואָלט א סאָסנע געקראכט.

צוויי קעלבערנע פעל פונעם קאָפּ ביזן עק
איז אים אף זײַן לעדערנעם פארטעך אוועק.

דער פודיקער האמער — זײַן וואָג איז קוראַנט,
איז, דאכט זיך, א פעדער בא אים אין דער האַנט.

דער הויכער קאָפּ האָר, ווי א קופּע מיט סכאך
דערלאנגט צו דער באלקע פון אונטערן דאך.

דאָס פּאָנעם איז ברויק, ווי א קופּערנער הליאק,
פון וועלכן עס גיסט זיך א לאכן געשמאק...

...ס׳טוט יאָנטל דאָס ציגענע בערדל פארײַסן,
פארקלערט זיך און צופּט פון אים שאָלעכצלעך אײַזן,

און שמייכלט דערבײַ מיט אזא מין סאָרט שמייכל,
ווי איינער, וואָס זאָגט: ניט אין קראַפט איז דער סייכל.

כאָטש ס׳פרייט אים, וואָס ס׳איז דער געזעל אזא גוואר,
ער אכלט פאר דרײַען, ער איז ניט קיין נאר,
און שימשן־האגיבער מע רופט אים דערפאר.

אָט גיט ער דעם האמער ארוף א פארוואָרף, —
א ניכפּע טוט נעמען דעם גאנצענעם דאָרף.

אָט גיט ער דעם האמער א לאָז אף אראָפּ, —
הייבט אָן בא א וואָלאָסט זיך דרייען דער קאָפּ.

ארוף און אראָפּ, אראָפּ און ארוף —
א דעמב אפן ווינט — אזוי וויגט זיך דער גוף.

מיט אָפענע מײַלער מע שטייט און מע גאפט, —
— אָט דאָס איז א קראַפט, שוין איינמאָל א קראַפט!

— אָט דאָס איז א גוורע, מאט טוואָיו ליכאַ!
— עך, יאָנטעליכאַ, אוך, יאָנטעליכאַ!

און שעלמיש מע שמייכלט. מע קראַצט זיך דאָס לײַב, —
— ווי ספּראַווועט זיך יאָנטל אליין מיט זײַן ווײַב?..

נאָר גאָט האָט דעם טראַכט בא דעם ווײַבל פאַרמאַכט,
און ס׳טוט זיך ניט ווילנדיק יעדן א טראַכט:

דערפאַר איז איר מוטערשער קויעך, קען זײַן,
אַרײַן אין דער בראָנע, אין אַקער אַרײַן.

מע זאָגט, אז דעם אײַזן, וואָס זי האָט געגליט,
וואָס זי האָט צוזאַמען מיט יאָנטלען געשמידט,

באַרירט נאָר דעם טרוקענעם טראַכט פון דער ערד,
איז טייקעף די ערד מעוברעסדיק ווערט...

...דערפאַר איז בא יאָנטלען די קוזניע געפּאַקט,
ניט מאַכמעס זי שטייט אף סקריהאַלאָווער טראַקט,

מיט וועלכן עס פאָרן אין שטעטל אַהער
א וואָלאָסט מיט פּויערים, עפּשער נאָך מער.

# א געשלעג

אױף טויט מיר האָבן זיך צעשלאָגן ביידע...
כ׳געדענק שוין ניט, ווער איז געווען דאָן שולדיק
אין דעם געשלעג. נאָר גוט, ווי איצט, געדענק איך,
דעם בארנבוים דעם זאָקן, זײַן צעצווייטן
און אויסגעדרייטן שטאם אין טיפע קארבן,
דעם כאָלעל, ווו דער שטאם געווען צעצווייט איז, —
עס וואָלטן פויגלען פרײַ געקענט דאָרט לעבן,
נאָר פול געווען די לאָך מיט בלעטער פוילע.
די צווײַגן, ווי מע וואָלט זיי אויסגעלונקען.
עס פלעגן פלאָקנס זיך אױף זיי פארהאלטן,
די פלאָקנס, וואָס ארויף מיר פלעגן ווארפן, —
די בארעלעך די גרינע זאָלן פאלן.

מיר פלעגן אָנשטאָפּן זיך פולע בוזעמס
מיט בארעלעך, און נאָכדעם אפן בוידעם
אין פרישן היי באהאלטן זיי צו „הנילען״.
א צוויי־דרײַ וואָכן, און זיי ווערן ברוינע
און אפן טאם מעכײַדיק־געשמאקע,
ווי ראָזשינקעס מיט פלוימען, ווען איינינעם
מע וואָלט צונויפגעמישט די ביידע טאמען.

מיט גרויס האַנאָע פֿלעגן מיר זיי עסן
און גראַדע — מיט אַ לוסטע ברויט אַ שוואַרצער.

די באַרעלעך — שוין לאַנג אַראָפּגעשלאָגן...
נאָר סאַמע אויבן אויף דער קרוין דער ברייטער
געהאַנגען זײַנען עטלעכע — אַ זייכער
פֿון יענעם שיינעם זומער, וואָס פֿאַרפֿלויגן
איז אויף די שטילע פֿליגלען פֿון די בושלעס
און האָט געלאָזן אונדז אַ מאָדנע בענקשאַפֿט...

די זון האָט זיך אײַנגעגאַנצן שוין פֿאַרקוויקלט
אַהינטער דעם סאָסנאָוון וואַלד דעם ווײַטן,
אַ רויטער פּאַס איז נאָר פֿון איר פֿאַרבליבן,
ווען רײַטנדיק מיר זײַנען אָנגעקומען
(די פֿערד, זיי זײַנען זײַט־בײַ־זײַט געגאַנגען)
צום באַרנבוים, וואָס איז אַליין געשטאַנען
אין מיטן פֿעלד, ווי זײַן וואָלט ער אַ שוימער
פֿון רעגנס האַרבסטיקע און בייזע ווינטן,
וואָס וועלן נעמען גיסן דאָ און בלאָזן...

און אונטער אָט דעם באַרנבוים דעם הוילן,
אַזוי ווי אונטער שיטערלעכע קראָקוועס,
אויף די צונויפֿגעדרייטע געלע בלעטער
מיר האָבן טייקעף אויסגעשפּרייט די פֿעלצלעך,
וואָס האָבן פֿריִער אונדז געדינט ווי זאָטלען
און איצט — זיי וועלן זײַן אונדז אַ געלעגער.

די פֿערד — אַ ווײַס איז איינס, אַ שוואַרצס — דאָס צווייטע,
נאָר מיט אַ ווײַסער פֿליאַמע אויפֿן שטערן, —
מיר האָבן גלײַך פֿאַרפּענטעט און געלאָזן

זיך פיטערן אין טונקלעניש, וואָס האָט זיך
אראָפּגענידערט אף דעם פעלד דעם ברייטן,
אף וועלכן ס׳איז געדיכט געוואָקסן הריקע,
וואָס ערשט ניט לאנג מע האָט אראָפּגעשניטן,
און איצטער איז געוואָרן דאָ א פּאָזשניע.

עס האָט זיך אפּן האלדז פון פערד פון ווײַסן
א באלאבאָן — א גלאָק אזא געבאָמבלט, —
קעדיי מיר זאָלן נאָכן קלינגען הערן,
צי ס׳זײַנען ניט די פערד צו ווײַט פארקראָכן
און כאסוועשאָלעם ניט ארײַן אין העזעק.

עס רעדט זיך נאָר אזוי, אז „נאָכן קלינגען״.
א באלאבאָן — ער קלינגט ניט, ווי א גלעקל,
וואָס איז פון ריינעם געלן מעש געגאָסן,
און הענגט אונטער דער דוהע אף א רינגל,
ווען מאכן מאכסט באנאכט א ווײַטע יאזדע —
דאָס גלעקעלע פארטרײַבט דעם סומנעם אומעט.

א באלאבאָן — ער קלינגט גאָר ניט, ער קלאפּט נאָר,
ווײַל מאכן מאכט מען אים פון בלעך פון גראָבן,
ער זאָל ניט ווי א הייזעריקער כריפּען —
פארגיסט מען אים די נעט מיט רויטן קופּער
(„פּריפּאָי״ — אזוי־אָ רופט ער זיך, דער קופּער).
דאָס צינגל שמידט מען פון א פּראָסטן פּרענטל —
פון אויבן דינער, אונטן מאכט מען גרעבער,
אף אָט אזעלכע פײַנע באלאבאָנעס
דער בלעכער לייבע איז געווען א מײַסטער.

אז כ׳האָב שוין יאָ דערמאָנט דעם בלעכער לייבע, —
איז ווילט זיך מיר א רעגעלע פארהאלטן
דעם גראדן גאנג פון אָט דער עצעם מײַסע
און עטוואָס אָן א זײַט פון וועג אראָפּגיין.

ווײַל צוליב וואָס דאָס אײַלן זיך, איך פֿרעג אײַך?
די מײַסע וועט אין ערגעץ ניט אַנטלויפֿן,
איך וועל זי ערלעך ביזן סאָף דערציילן.

ווער האָט פֿון אײַך אַמאָל געהערט דעם האָרן
פֿון אַ פּאָלעסיער פּאַסטעכל, מיט וועלכן
צונויפֿרופֿן ער פֿלעגט אינעם באַגינען
די סטאַדע אויף אַרויסטרײַבן צו פּאַשען?
דער האָרן האָט אַזוי געשמאַק געזונגען...
ער איז געווען געמאַכט פֿון בלעך פֿון ווײַסן,
וואָס האָט געלויכטן, פּונקט ווי ס'לויכט אַ שפּיגל,
ווען אויף דער זון אים אָנשטעלן פֿאַלט אײַן דיר.
מיט צין געווען איז פֿאַרלייט דאָס העלדזל,
וואָס האַלטן פֿלעגט דער פּאַסטעך בײַ די ליפּן.

פֿאַר די פּאָלעסיער פּאַסטעכער די האָרנס
האָט אויך געמײַסטערעוועט דער בלעכער לייבע.

ער פֿלעגט אויך מאַכן קענדלעך אויף צו טרינקען,
פּירקאַנטיקע מאַניערקעס און קאַזאַנען,
פֿאַרי̇כטן שלעסער, סאַמאָוואַרן ווײַסן,
באָטעמעדראָשים דעקן, פֿאַרבן קלויסטערס, —
דער בלעכער לייבע איז געווען מײַן טאַטע.

צו יענער צײַט, ווען דער געשלעג געשען איז,
איז אין דער ערד די בלעכערײַ געלעגן.
עס זײַנען הונגעריק געווען די דערפֿער,
אָן ברויט, אָן זאַלץ געזעסן איז דאָס שטעטל,
צעראַבעוועט, דערשראָקן און צעבראָכן —
עס האָט זיך ערשט דער בירגערקריג פֿאַרענדיקט.

אַהינטער שטעטל לעבן דער ציגעלניע
כ'האָב אַ פֿאַרבלאָנדזשעט פֿערד פֿאַרנאַכט געפֿונען.

„מאָשיִעכס פערד" — א נאָמען אים געגעבן, —
עס איז געווען מיט א פעל א ווײַסער,
זײַן רוקן שארף געווען איז, ווי א מעסער,
די זײַטן — אײַנגעפאלענע, די ריפּן —
ווי פון א בויד די טאָרטשענדיקע רייפן,
א בויד — אין וועלכער ס'שלעפּן זיך ציגײַנער
מיט יורעוויטשער טראקט צו אונדז אין שטעטל.
און אף דעם זאָד דעם שרעקלעך אויסגעדארטן
איז, ווי מיט מאָך, געווען ארומגעוואָקסן
א טונקעלע טאוורא — אזא מין צייכן
אן אויסגעברענטער מיט א הייסן אײַזן.
א טייל א רויטגווארדייִשע מיסטאָמע
האָט אָט דאָס פערד אינמיטן וועג געלאָזן,
ווײַל ס'האָבן אים די פיס מער ניט געהאלטן.

איך האָב באשלאָסן — א וואָזאק כ'וועל ווערן,
פון וואלד קיין מאָזיר וועל איך קלעצער פירן,
מיט דעם כ'וועל העלפן שלעפּן די הויצאָע.
מע דארף נאָר די באשעפעניש אטכײַען —
איך וועל זי דורך די נעכט אף פאשע פירן.

ווען ס'האָט די נאכט פארמעקט דעם וואלד דעם ווײַטן
און ס'איז די טונקלקײַט געדיכט געוואָרן,
צעלייגט, ווי ס'פירט זיך, האָבן מיר א שײַטער, —
אין יאָדלע־וועלדל צווײַגן אָנגעבראָכן.
פארשטאָכן האָבן זיך די גרינע נאָדלען
אין די געדיכטע קנוילן רויך די שווארצע,
קעדיי ארויסצורײַסן זיך פון דאָרטן
מיט קנאקנדיקע צינגעלעך פון פײַער,
מיט טאנצנדיקע פונקען, וואָס זיי האָבן
ארופצו צו דעם בארנבוים געשפּרונגען.

גוט אײַנקוקן דו פּרוּווסט זיך אין דער כאַשכעס, —
נאָר כוץ דעם שײַטער און אַ שטיקל הימל
איבערן בארנבוים און גײענדיקע וואָלקנס
מער זעסטו גאָרנישט. הערן הערסטו גאָרנישט.
פֿון צײַט צו צײַט — פֿון באַלאַבאָן דאָס קלאַפּן
כאַפּסט אויף נאָר מיטן אָנגעשפּיצטן אויער.

כ'געדענק איצט ניט גענוי, ווי כ'האָב געזאָגט שוין,
ווער איז געווען אין דעם געשלעג דאָן שולדיק.
צי עפּשער שולדיק איז געווען גאָר יענע,
וואָס כ'האָב צום ערשטן מאָל באַם האַנט גענומען,
אַז קײנער זאָל, כאָלילע, ניט באַמערקן
(ס'איז מיר דאָס יאָר דאָס פּופּצנטע געגאַנגען),
און איר אַ זאָג געטאָן אַ וואָרט אַזאַ מין,
נאָך וועלכן כ'בין געבליבן אָן אָן אָטעם,
פֿון וועלכן ס'האָט דער קאָפּ אירער גענומען
זיך דריקן שטאַרקער, שטאַרקער צו מײַן אַקסל.
פּאַר גליק בין איך געשפּרונגען, ווי אַ לאָשעק,
וואָס איז פּאַרקראָכן כ'ווייס ווּהין אין העזעק
און אָנגעגעסן זיך מיט צוויט פֿון הריקע...

דאָס ליכטיקע געפֿיל פֿון ערשטער ליבע!..

און ער, מיט וועמען כ'בין אין פּעלד געלעגן,
אָט דאָ אונטערן בארנבוים באַם שײַטער,
געהאַלטן האָט די גאַנצע צײַט אין ריידן,
קעדיי עס זאָל אונדז אומעטיק ניט ווערן,
ניט שרעקן זאָלן אונדז די לאַנגע שאָטנס,
וואָס זײַנען אַפּן בארנבוים געקראָכן.

ער האָט דערציילט פֿאַרשיידענע געשיכטעס,
מער עמעסע, נאָך מערער — אויסגעטראַכטע:

פון קאטערינשטשיקעס און פון ציגײַנער,
פון בעטלער, פרינצן און פון מעכאשייפעס.
ער איז באַם שײַטער אַף די קני געשטאַנען
און מיט אַ צווײַגעלע געשאַרט די קוילן.
זײַן פּנים איז געווען ווי פון קופּער.

דעם קאָפּ כ׳האָב אָנגעשפּאַרט אַף בײדע דלאָניעס,
געלעגן כ׳בין אַנטקעגן אים. פאַרכידעשט
זיך אײַנגעהערט — קיין וואָרט ניט דורכגעלאָזן
(ער איז געווען מיט מיר אין איינע יאָרן).

אָט נעמט ער די פּאָטיליצע זיך קראַצן,
און, ווי אַ פערד, געטאָן אַ דריבנעם הירזשע —
ווי ס׳וואָלט אין אויער מיר אַרײַן אַ דונער —
איך האָב דערהערט אַ וואָרט אַזאַ פּאַסקודנעם
אַף דער, נאָך וועמען ס׳האָט מײַן האַרץ געכליאַנעט...

...כ׳האָב פריִער מיט די פויסטן אים געשלאָגן,
געקאַטעוועט דערנאָכדעם מיטן צײַמל,
און ווידער מיט די פויסטן זיך געוואָרפן,
מיר האָבן זיך געקאַטשעט אינעם פּריסעק.
ס׳איז קיינער אַף דער וועלט דאָ ניט געווען,
וואָס ער זאָל אונדז פאַנאַנדערנעמען קענען...

אַרויסגעריסן זיך פון זײַנע אָרעמס
און טרייסלען כ׳האָב דעם באַרנבוים גענומען,
עס פאַלט אַראָפּ אַ פלאָקן, און איך כאַפּ אים
און לאָז זיך אָן אַן אָטעם מיט רעציכע
צום צווייטן פערד, וואָס אָן דעם באַלאַבאָן איז, —
ווײַל אויך זײַן פערד געוואָלט כ׳האָב צעקאַליעטשען...

נאָר ס'האָבן זיך די הענט אראָפּגעלאָזן,
דער פּלאָקן איז פון זיי ארויסגעפאלן,
ווען כ'האָב דערזען אהינטער בוים אין שאָטן
די פערד. זיי זײַנען איינס קעגן דעם צווייטן
געשטאנען און געגלעט זיך מיט די העלדזער...

אזויפיל יאָרן זײַנען שוין אריבער,
א סאך אינעם זיקאָרן ווערט פארלאָשן,
נאָר פריש ביז איצטער איז אין מיר פארבליבן
אָט יענץ געפיל דאָס זויבערע און גוטע,
וואָס האָט אינגאנצן מיך ארומגענומען.
א מידער אף דער ערד בין איך געפאלן —
כ'האָב מיטן קאָפּ פארנורעט זיך אין פעלצל
און, ווי א פיטשינקער, גענומען וויינען...

דער בארנבוים געפאָכט האָט מיט די צווײַגן,
דורך וועלכע ס'האָט געזיפּט זיך דער באגינען.

## די מאכטויקע

קאַלזמאַן אַף דער וועלט כ׳וועל זיך טויקען, —
קיין סאַך איז שוין מיר ניט געבליבן,
געדענקען וועל איך די מאַכטויקע,
וואָס איז נאָך דערווײַל ניט באַשריבן.

... אַט זע איך דאָס געסל דאָס פּוסטע,
די קלאַדקע אין קויט איז פאַרשווומען,
די שיך אונטער פּאַכווע גענומען,
איך טראָג זיך צו בערל דעם שוסטער.

פאַרסאָפּעט איך קלאַפּ מיט דער קליאַמקע,
די טיר, ווי פאַרשפּאַרט מיט אַ שליסל.
— וואָס האָסטו צעטראַשקעט זיך, זשאַמקע?
דעם צינגל הייב אונטער אַ ביסל. —

כ׳גיי איבער די שוועל מיט אַ הינקען,
אַרײַן פונעם דרויסן דעם קאַלטן,
די פּיס אין דער מאַמעס רומינקעס
איך וויס ניט, ווי זאָל איך באַהאַלטן.

באם וואַרשטאַט — א נידעריק קעסטל —
זיצט בערל דער שוסטער געבויגן.
ער נעמט מיט די אויגן מיך מעסטן,
און כיטרע זיי שמייכלען, די אויגן.

נאָך גוט, וואָס די ייִנגלעך, זיי האָבן
אין ווײַבערשע שיך ניט באַמערקט מיך...
איך וואָלט זיך פאַר כאַרפּע באַגראָבן,
ווי וואָלט איך אַהיים גאָר געקערט זיך?

עס האָט מיך א שוויס אַזש באַשלאָגן
(מיט וואָרעמער בענקשאַפט כ׳דערמאָן עס...),
— דו האָסט מיר געבראַכט שאַלאַכמאָנעס?
וואָס שווײַגסטו? דו ווילסט עפּעס זאָגן?

זײַן העמערל טוט מער ניט קלאַפּן,
אין זויל בלײַבט א פּלעקעלע שטעקן,
ער נעמט מײַנע שיכלעך באַטאַפּן,
צעבינדט פון די שנירלעך די עקן.

— מע דאַרף, — זאָגט ער, — געזלעך דיר מאַכן.
אײַ רײַסטו! אײַ, ווערט ביסטו ריטער! —
און הייזעריק הייבט ער אָן לאַכן,
דאָס געלינקע בערדעלע ציטערט.

— גענוג שוין קאַטאָוועס צו טרײַבן!
דו ווילסט, אַז דאָס קינד זאָל אַנטלויפן! —
נעמט שרײַען אַף בערלען זײַן ווײַבל
און באַרעלעך גיט מיר א הויפן.

איך זעץ אַפן באַנק זיך אַנידער,
צעשפּיליע דעם קאָלנער פון רעקל,

ס׳נעמט קלאַפּן דאָס העמערל ווידער:
א זעץ — און עס ווערט ניט קיין פּלעקל.
א זעץ — און עס ווערט ניט קיין פּלעקל.

דאָס בערדל באַם שוסטער — צעשויבערט,
ער טוט בעכיפּאָזן א קראַץ עס...
...מיך האָט נאָך פון קינדווײַז באַצויבערט
די שיינקייַט פון מענטשלעכער פּראַצע.

כ׳פלעג גאַנצענע טעג אָן א גוזמע
זיך דרייען צעווישן די רימער,
ארומלויפן איבער די קוזניעס,
און גיי זײַ א בעריע געפין מיך!

אין שאָבן די מעזדרע פון פעלצן,
אין שמידן די קופּערנע בעקן,
אין לייטן, אין פײַלן, אין שמעלצן
מיר פלעגן זיך וועלטן אנטדעקן.

פון שרויפסטאַק דער קרעפטיקער קלאַמער,
דער דראַנג פון די הענט די צעהיצטע,
די פונקען, די קלעפּ פון די האַמערס —
זיי זײַנען מײַן רײַכטום נאָך איצטער.

אין שײַן פון דעם טאָג פון דעם בלאָסן
כ׳באַטראַכט יעדער זאַך דאָ באַזונדער,
א באַרעלע קײַ איך געלאָסן,
איך זיץ, און איך קוק, און מיך ווונדערט:

ווי ס׳ווערט פון א סורעווער פאָדעם
א דראַטווע מיט פעך א געפּעכטע,
און ווי אין דער דראַטווע דערנאָכדעם
א כאַזער־האָר קונציק פאַרפלעכט מען.

ווי קריכן די האָר האָט געגומען
פון שוך, ווי פון פינצטערן קעלער
אין שטאָך פונעם נאָל פונעם קרומען
ארוף צו דער שײַן צו דער העלער.

און ווי דער קאפול, וואָס געשניצט איז
אַזוי ווי א פוס, נאָר אָן פינגער,
נעמט אָנטאָן א שוך א געניצטן, —
דער שוך גלײַכט זיך אויס און ווערט יינגער,

ווי קונציק פיסטאָנעס מיט העקלעך
אין כאָליעווקע טוט מען פארקניפּן.
די אײַזערנע שטיפטן און טשוועקלעך,
ווי קערלעך אף שוסטערשע ליפּן,

ווי עפּעס א שטיקעלע גלעזל
פארהובלט אָפּצאסן און זוילן,
ווי שווער בא די טשוועקלעך איז פויעלן
פארבויגן זיך טיף אינעם נעזל.

ווי ס׳רעדלט א רעדל פון אײַזן, —
און קארבן עס מאכט אף די ראנטן...
און טויזנטער זאכן זיך ווײַזן
באקאנטע און נאָך ניט באקאנטע.

נאָר איינס האָט פארכאפּט מיך אינגאנצן,
אומעגלעך איז דאָס צו באשרײַבן:
א העלצעלע עפּעס נעמט רײַבן
און אלץ אף דער וועלט הייבט אָן גלאנצן.

א ריב אף די שטעך אף די גראָבע —
פון זיי ווערט איין פּאָדעם א גלאטער,

עס זעט זיך קימאט ניט די לאטע,
וואָס זי איז מיט דראטווע פארשטשאָבעט.

א ריב — און די נעז די פאריכטע,
זיי בלאנקען קימאט ווי לאקירטע,
פארשמירט זיי מיט שווארצקייט געדיכטער —
ס׳איז סאזשע מיט וואסער צעפירטע.

ווו נעם איך איצט יענע היספּיילעס?
ווי גרינג וואָלט געווען מיין לעבן...
— רעב בערל! — איך בעט אף א ווײַלע,
ער זאָל מיר דאָס העלצעלע געבן.

איך דריי עס אין האנט און איך צי עס,
פאר סימכע איך טו זיך אזש שמעלצן, —
ווי זיין וואָלט א גרויסע מעציע
דאָס דאָזיקע פאָשעטע העלצל.

און ס׳זאָגט צו מיר בערל דער שוסטער,
וואָס זיצט באם ווארשטאטל געהויקערט:
— איז שוין זשע האָסטו ניט געוווּסט גאָר,
אז דאָס איז אליין די מאכטויקע?

— זי איז מיט א מיין מיט א טיפן,
און זאָלסט פארגעדענקען אף שטענדיק, —
אן ארבעט, וואָס איז ניט געשליפן,
וועט קיינמאָל ניט הייסן פארענדיקט.

— פארשטייט זיך, דערהויפט איז די סכוירע, —
מיט איידעלער סכוירע איז גרינגער,
צו איר אָבער דארף מען נאָך פינגער,
אין זיי איז די עמעסע טוירע.

— קענסט נעמען א כראָמעווע פעלכל
נאָך גאָר פון א יונגינקן לאָשעק
און אופנייען שטיוול אזעלכע,
פון וועלכע ס׳וועט קערן כאלאָשעס.

— די כאָליעוועס ברייטע, ווי טרויבן,
די קעפלעך, ווי לאפטיעס פון ליקע,
די נעט פון דער דראטווע — פון אויבן,
ווי ס׳וואָלט דאָ געגאנגען א שיקער.

— אבי נאָר די שטיוול פארמאָגן
א הילכיקן סקריפ אינעם לעדער.
אזוי ווי א הילצערנער וואָגן,
וואָס לאנג ניט געשמירט זײַנע רעדער.

— אזא מין סאָרט שטיקל מעלאָכע
וועט קיין שום מאכטויקע פארגלעטן.
דער קונד וועט דיר מאכן א „בראָכע"
און קען נאָך דעם קאָפּ דיר צעפלעטן.

— קענסט נעמען דאָס זעלביקע פעלכל,
געדובעט באַם זעלביקן גארבער,
און מאכן אזא שטיקל ארבעט,
וואָס זײַן זאָל אזוינס ווי אזעלכעס.

— דו זוכסט זי, די מאָס די ראיעלע,
אזוי ווי א שטערן אין כעשוועך.
דו מיינסט, אז די שוסטערשע שטעלע
איז — לעק מיט דער צונג די פּאָדעשווע?

— דארפסט קאָכן דעם פּאָפּ דעם געדיכטן,
דארפסט אָנציִען שטײַף דעם פּאטשײַעץ,
דארפסט סאָכניען...

— שוין ווײַטער געשיכטעס? —
זײַן ווײַבל הייבט ווידער אָן שרײַען.

...כ׳טו אָן מײַנע שיך די פאַריכטע
און קוק אױף די נעזלעך די נײַע...

כ׳זוך אָפּ אינעם קויטיקן געסל
דעם טרוקענעם פּאַס בא די צאַמען.
פּאַוואָליע איך גיי. כ׳האָב פאַרגעסן,
אין שטוב אױף די שיך וואַרט די מאַמע.

ביז איצטער נאָך האַלט איך אין שפּאַנען
פון בערל דעם שוסטערס וואַרשטאַטל.
אין מיר איז ער אַלץ נאָך פאַראַנען,
דאָס שוואַרצע פאַרכאָלעמטע יאַטל,

וואָס טראָגט אונטער וואַרעמען אָרעם
דער מאַמעס רומינקעס די אַלטע,
אין מיר איז ער טיף דאָרט באַהאַלטן,
מיט אים בין איך קיינמאָל ניט אָרעם.

אין גאַנג בין איך עלטער געוואָרן,
מײַן קאָפּ האָט פאַרצויגן אַ גרויקײַט.
וואָס טו איך מיט דיר, מײַן זיקאָרן,
מײַן קינדערשע וועלט, מײַן מאַכטויקע?..

## א רעצענזיע אף זיך אליין

אזא פּאָעט איז גאָרניט צו געפינען, —
ער איז אַן עפּיקער, אַ לירי̇קער אַ דינער.

די מעטריק פון זײַן פערז פארשיידנארטיק איז,
ער נעמט ניט קיין מעטאפּאָרעס קיין פּארטיקע.

די בילדער זײַנען ניט קיין אויסגעדראָשענע,
און ניט מעקאָפּלשמוינעדיקע — פּאָשעטע.

דער ריטם איז בא אים ניט קיין צעקוליעטער,
אַ שורע צו אַ שורע צוגעטוליעט איז.

אַ סטראָפע אין אַ סטראָפע — אײַנגעקלאמערטע,
די ליד איז פון איין גוס אַן אויסגעהאמערטע.

ווי בא אַ קינד, עס רופט ארויס אַ גדולע
בא אים אַ קלינגעוודיקער גראם אַ פולער.

ער האלט: פארנעפּלטקײַט איז שעדלעך פאר דער דיכטונג,
און „פילאָפאָסיע" — פאר באטלאָנים איז אַ ריכטונג.

אליין איז ער אַן ערדישער, אָן פליטערלעך,
ניט צוקער־זיס, גאַנץ אָפט אפילו ביטערלעך.

און וואָס איז וויכטיק אין זײַן דיכטונג דער געדיכטער:
עס עטעמט מיט היינטצייטיקייט דער דיכטער.

איך האַלט פון אים. איך בין דער וועלט מעקאַנע, —
אַזאַ מין דיכטער איז בײַ איר פאַראַנען!

און ווער עס זאָגט, אַז דאָס איז אַלץ אַ ליגן, —
איז אויך גערעכט. כ׳וועל זיך מיט אים ניט קריגן.

# אינהאלט

## אף דער ליכטיקער וועלט

## ווען ס׳פאַלט אַ בוים

## פון א וואָרט א קוואָרט

## טיפע וואָרצלען

*Телесин*
*Зиновий Львович*

В ОТВЕТЕ

*на еврейском языке*

М. «Советский писатель» 1968 г. 252 стр.

Тем. план 1967 г. № 323.
Редактор *И. Борисов*
Художник *Г. Кравцов*
Худож. редактор *Е. Капустин*
Техн. редактор *А. Токер*
Корректор *А. Стрельник*

Сдано в набор 12/VIII 1967 г.
Подписано к печати 15/I 1968 г.
А 05203. Бумага 70×108 1/32. № 1.
Печ. л. 7 1/8. (11,02). Уч.-изд. л. 5,99.
Тираж 6 200 экз. Заказ 2979.
Цена 79 коп.

Издательство «Советский писатель»
Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
пер. Аксакова, 13

Printed in Soviet Union